## משה קאָפּשטיין

# דאָס פֿאָלק און זײַן אוצר

מעשׂיות, משלים אין פֿאָלקסטימלעכן פּאָעטישן־לבוש

נאָכוואָרט: פּראָפ. דב נוי

צייכענונג פון שמואל ראָזין

פאַרלאַג שלום • ניו־יאָרק / תל־אָביב

## אינהאַלט פון אָפּטיילונגען:

שטייגער־מעשׂהלעך — 11—22
חסידישער פאָלקלאָר — 23—40
מתנגדישער פאָלקלאָר — 41—47
קעשענעווער כראָניק — 48—53
וועליזשער מעשׂהלעך — 54—55
וויכוחים, דיספוטן, טײַטשן — 56—60
חזנישע מעשׂהלעך — 61—66
די קלוגע דאָקטוירים — 67—69
מלמדים, דער חדר, ישיבה־כראָניק — 70—76
עמך־פּראָלעטאַריער — 77—81
האַנדל־וואַנדל, וואַיאַזשאָרן — 82—84
שלום־בית, שדכנים, נחת — 85—95
רבנים און רביצינס — 96—101
Made in U.S.A. — 102—104
גדולי ישׂראל — 105—118
טאָלדאַטסקע מעשׂהלעך — 119—126
שמשים, חברה קדישא, אורחים, מתנגדים, מחברים — 127—137
היסטאָרישע נאָטיצן — 138—145
פאָלקס משלים — 146—155
אחינו בני ישׂראל — 156—159
סאַנקט פעטערבורג, לענינגראַדער שאַרזש — 160—167
אַלגעמיינער פאָלקלאָר — 168—178
ציוניסטישער פאָלקלאָר — 179—180
השׂכלה־הומאָר — 181—182
דאָס גלעזעלע משקה — 183—185
מסכת לצים — 186—188
חכמי כעלעם, חכמי גלופּסק, הערשעלע אָסטראָפּאָלער — 189—195
(פולער אינהאַלט צום סוף פון בוך)

# א קליינע
# הקדמה

פאָלקלאָר איז דער אייביקער קוואַל פונעם פאָלק, די „תורה שבעל־פה״ פון די ברייטע מאַסן. דאָ איז זיין לידל, זיין שטאָכוואָרט, זיין ווייפולער וויץ; זיין מעשהלע, זיין משל, זיין אַפאָריזם.

מיטן שטורעמדיקן אומקום פונעם קראַנקן שטעטל; נאָך דער לעצטער אייראָפּעישער „מגילת האש״, וואָס האָט פאַרשלונגען מער ווי אַ דריטל פונעם יידישן פאָלק; נאָך דער שרייענדיקער איינשרימפּונג פון דער יידישער שפּראַך־ספערע גייען און ווערן פאַרפאַלן־פאַרלוירן גאָר גרויסע אוצרות פונעם פאָלק־אַרסענאַל. דאָס זיינען פּערל־פאָלקלאָר פון די מזרח־אייראָפּעישע יישובים. זיי פלעגן יאָרנלאַנג וואַנדערן פון מויל צו מויל אָדער „אַגבדיק״ דערמאָנט ווערן ביי אַ גרויסן שרייבער, און ניט פיל זוכה געווען צו אַ תיקון אין געדרוקטע זאַמלונגען.

די לעבעדיקע פּערסאָנאַזשן פונעם שטעטלדיקן נעכטן ווערן בליצשנעל פאַרוואַנדלט אין לעקסישע טערמינען, אין ווערטלאָז „אַלטוואַרג״, אין „מערטוויע דושי״ (טויטע נשמות) . . .

אָבער וויפל ליריק און שאַרפזין האָבן געשענקט אונדז אויף אייביק דער בערדיטשעווער רב און דער דובנער מגיד, די „קאָמפּאַניע זינגער״: דער שדכן און בדחן, דער בעל־עגלה, דער שוסטער, דער „סאַמאָזוואַניעץ״־דער רופא . . .

די פאַרגעלייגטע זאַמלונג פון מעשהלעך, משלים, איז אַן אַדאַפּטירטע זאַמלונג פאַר דעם מיטעלן לייענער. אַזוי גוט ווי אַחוץ די אַקאַדעמישע ווערטערביכער ווערט פאַרפאַסט פאַר דעם עולם אַ „מלון כיס״, אַזוי וויל זיך דאָ פאָרלייגן אַ באַשיידענע זאַמלונג פון מעשהלעך, משלים גענומענע ביים פאָלק, אין אַ פאָלקסטימלעכן, לייכטן פאַעטישן־לבוש.

איז דער „געדיכט־לבוש״ פּאַסיק פאַר אַזעלכע־אָט מעשהלעך? יאָ, פּאַסיק ביז גאָר! די רוסישע „סקאַזקעס״ האָבן סטיליזירט און געזאַמלט אַסך גרויסע שרייבער אין געווײנלעכער פּראָזע. פּושקין האָט „פאַר־

לידלט" בלויז „סקאַזקעס" אַ פּאָר, און גראָד פּושקין האָט „געטראָפן אין קאָרב!" זיין „גאָלדן פישעלע", זיין „מעשהלע מיט אַ גלח און זיין באַדינער באַלדאָ" זיינען מוסטער־פּערל פונעם רוסישן פאָלקלאָר!

ווי אַן אַדאַפּטירטע זאַמלונג איז דאָס ווערק פּאָליטעמאַטיש און באַרירט דירעקט אַסך טעמעס און פּראַגעס. דאָס מיינט, אַז פיל טעמעס מוזן קומען געקירצט, פּשוט געקירצט צוליב באַגרענעצטן פּלאַץ פון איין בוך. מ'קען שאַפן אַ זאַמלונג בלויז פון הסידישן פאָלקלאָר; מ'קען שרייבן אַ בוך פונעם דובנערס משלים; נאָר דאָ וויל זיך אַלזייטיקער, פאַרביקער באַווייזן דעם קלוגן־טיפן איינפאַל פון „זיין מאַיעסטעט" דעם פאָלק — פון זיינע קליינע, גרויסע און גלאַט אַזוי־מענטשעלעך . . . דערביי ווערן באַרירט אַ צאָל טראַגישע פראַגן פונעם יידישן שטייגער, פונעם גלות בכלל. עס איז געגנוג דאַ אַנצואווייזן אויף „פּישי אים וו'סיעם דאַלפאָן", אויף דעם שלום־בית־מעשהלע „אי געיידישט, אי געטובלט", אויף „ראָדינאַ מאַט", וואָס מ'דאַרף גוט באַנעמען, אויף „יושר איז יושר און געשעפט איז געשעפט". „פּישי אים וו'סיעם דאַלפאָן" איז דער אַלץ מיט אַנאַנדער פונעם עקאָנאָמיש פאַראורטיילטן, שטרויענעם שטעטל, מיט זיינע הויקערלעך־קרעמערלעך און שדכנים־דלפנים. „אי געיידישט, אי געטובלט" איז בלויז איין קאַפּיטל פונעם אַך־און־וויי שלום־בית פונעם גלותדיקן ציקל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „געמישטע חתונות" . . . אין „ראָדינאַ מאַט" איז די אויפגעבלאָזענע טעמע וועגן דעם כלומרשט יידישן בירגערלעכן דואַליזם. מיט דעם ביליקן „בלאָף" האָבן געהעצט און בראַווירט פּורישקעוויטש מיט זיינע שלעגערס, די יאַסער „קוזיסטן", די פּוילישע „ענדעקעס", די „ברויגע תליינים"... אין „יושר איז יושר און געשעפט איז געשעפט", וואָס איז טאַקע אַ מעשה שהיה פון קעשענעוו, געפינט זיך דער אמתער בלוטיקער שפּאַס! ס'איז דער טריפהנער אַליבי פון די באַנקראָטשיקעס־יידן; פון די „גרויסע סוחרים" און גאָר גרויסע שווינדלער, וואָס שטעלן אויס „אַ פייג" דעם דעביטאָר־פאַבריקאַנט, און צאָלן אויס גראָשנס פון יתומישע נדנס . . .

אַ פּאָר ווערטער וועגן „כעלם" און „הערשעלע". כעלם איז געווען דער חוזק־סינאָנים פון די שטעטלעך, וואָס מ'זאָגט אויף זיי: „כולם נאַראָנים"; „הערשעלע" איז דער העלד פון אונדזער „שפּיצל" און שטאָכ־

ווערטל, און אַלץ וואָס ס׳לאָזט זיך, פֿאַרשרייבט מען אויף זייער קאָנטאָ, אַזוי ווי די פֿעלקער פֿונעם גרויסן טורקעסטאַן פֿאַרשרייבן אַלע „טרוקן" קעגן די עמירן און כאַנען אויפֿן חשבון פֿונעם וואַנדערער „כאָדזשאַ נאַ־סערעדין". מיר האָבן ניט איבערדערציילט פֿון כעלעם וואָס ס׳איז באַוואוסט אין די קינדער־ביכלעך, נאָר צוגעגעבן אַ פּאָר גאַנץ אָריגינעלע שאַפֿונגען.

אינעם „אַלגעמיינעם פֿאָלקלאָר" ווערט געבראַכט נייערט דאָס, וואָס האָט זיך אָרגאַניש ווי איינגעגלידערט אינעם יידישן פֿאָלקלאָר.

דער מחבר

## „זיך מוחל געווען״ . . .

. . . — נו, סטעסיונקע־סערדצע, וואָס געווען ז׳געווען —
ווי ביי „זיצערקעס״: אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט . . .
היינט איז ערב יום־כּיפּור —
מיר זיינען דאָך יידן —
איז לאָמיר זיך מוחל זיין פאַרט!
טוט סטעסיע אַ גנבישן קוק און אַ זאָג:
— כ׳בין דיר מוחל; צי קען זיין דאָ אַ קלער!
נאָר געדענק־זשע, הולטייקע, פאַרשרייב וויכנע־מזיק:
ביז נאָך יום־כּיפּור —
ניט מער! . . .

## „במקום רב״ . . .

. . . — וואָס זוכט איר, רבנים, —
כ׳וועל זיין רב אָן אַ קאָפּקע, —
זאָגט דער פּריץ דעם נגיד רעב שייע:
שאלות פון טעפּלעך, פון לעפל — ס׳איז „פּידרעך!״ —
אַ קאַרב — און קויפט שפּאָגל־נייע . . .
— און וואָס טוט מען מיט ווייבער — „מיט פלעקן״, „אָן פלעקן״?!
ווערטלט זיך שטאַרק דער גביר . . .
— אויף ווייבערשע זאַכן „האָב איך אַ הונט אויפגעפּרעסן״ —
שיקט אַלע ווייבער צו מיר . . .

## די אַלטע יאַכע באַגריסט דעם קייסער

. . . אַ יום־טוב אין מאַרק — עס קערט זיך די וועלט:
„דער קייסער קומט! דער קייסער פאָרט!"
און די געהויקערטע יאַכע מיטן פּנים פון פּאַרמעט —
קוים וואָס זי לעבט,
נאָר זי „קאַראַבקעט" זיך דאָרט,
און שרייט דעם „הורא" מיטן עולם דעם גאַנצן;
און וואַרטשעט מיט גאַל:
— אַ דערשטיקעניש אַזאַ!
און ער זאָל אַזוי כּוח האָבן צו לעבן,
דער קייסער,
ווי איך האָב כּוח צו שרייען „הורא!" . . .

## ס'איז אַ גוטער חלום,
## נאָר ער איז פינצטער און ביטער . . .

(חכמי גלופּסק)

— מיר האָט זיך געחלומט: איך זיץ אין אַ קעלער, —
זאָגט געצל, —
כ'רײַב כריין און צעמיש אים גאַנץ שיטער . . .
— ס'אַ גוטער חלום! — זאָגט גימפּל ווי דער דין איז;
כאָטש דעם אמת געזאָגט,
איז ער פינצטער און ביטער . . .

## די מומע עטל . . .

1

קומט אַ שטיקל גאַסט, הייבט אָן די מומע עטל
אירע „קרענק" אַפּישירן:
קרענק נאָך קרענק לויטן צעטל:
— מיט „די פּאַטשקעס" איז ביטער, טייערינקע מיין!
אין דער גאַל, — זאָגט דער דאָקטאָר, — ז'אַ שטיינדל אַריין.
אינעם פּוס אינעם רעכטן איז אי צוקער, אי זאַלץ . . .
דאָס אויג דאָס לינקע — אוי! אינגאַנצן קאַפּוט!
דער קאָפּ ז'ווי אַ באַרג!
און אויסער דעם אַלץ
איז „איך אַליין"
פּיל אויך זיך ניט גוט . . .

2

ראש השנה, ביים מחזור, שמועסט מיט גאָט מומע עטל:
— ווּעסטו אָנשרייבן, גאָטעניו, דאָס גוטינקע צעטל
מיט פּרנסה, מיט נחת, איז גוט!
טאָמער ניט —
ווּעט אויסקומען שרייבן גלייך מאַרגאַריטען —
זי איז אַ שטיק פּאַבריקאַנטקע!
זי איז רייך אָן אנ'עק!
זי זאָל צושיקן גיכער
„אַ לייטישן טשעק!"

# קלאַפּן קלאַפּט מען אַנ׳אייגענעם יאַט...

(חכמי גלופּסק)

— די ערבה — דער קבצן,
דער לולב — דער תקיף,
דאָס הדסל מיטן גבירישן אתרוג דעם שיינעם —
ס׳איז פיר קלאַסן יידן,
און מ׳איז חידושימדיק איינס —
איין גוף, איין נשמה — פעסט געבונדן אין איינעם!
אַ חיות צו קוקן! —
זאָגט „הויקערל־חוקר״;
נאָר אַ ברכה צו מאַכן!
איינס קאָן איך ניט פאַרשטיין:
פאַרוואָס הושענא רבא
ווען מ׳דאַרף שמייַסן און קלאַפּן,
קלאַפּט מען תמיד דעם קבצן — די ערבה אַליין! —
פאַרוואָס ניט אַלע נאָך דער ריי? ...
— פאַרשטייסט מיך, הויקערל,
יענע זיינען „אויסלענדער״ — רייכע געסט, ניט ווער גלאַט!
די ערבה וואַקסט דאָ
ביי דעם בלאָטיקן טייכל,
איז וועמען זאָל מען קלאַפּן,
אַז ניט אַנ׳אייגענעם יאַט! ...

## אַזוי ווי ער הערט ניט, אַזוי זאָל אים ניט שאַטן . . .

. . . יאָקל ז'אַ שוסטער,
און ער זינגט אָפּט מאָל אויך:
„אוי ז'דאָס אַ פּייפער מיט אַנ'אייזערנעם כוח!
גאָטעניו־גאָט, נעם אָפּ אים די יאָרן,
ער זאָל מער ניט פּייפן,
ער זאָל מער ניט פאָרן!"
זאָגט בערע:
— אַז דו ביסט ניט קיין שום באַלעגאָלע,
פאַרוואָס שילטסטו „דעם פאַראוואָז" מיט טויטע קללות?
זאָגט יאָקל דער שוסטער:
— אַז אַ רוח אים אין טאַטן!
און אַזוי ווי ער הערט ניט,
אַזוי זאָל אים ניט שאַטן . . .

## קוילעט מיר די גענדז . . .

. . . ביי שיינע־צירען איז אַ פירער — אַ מטמון מיט געלט!
איר מאַן מיטן הויקער
איז שיין ווי די וועלט . . .
איר טעכטערל מיט די קלײַען איז אַ בילד פול מיט חן!
איר קוגל מעג עסן
דער קייסער אַליין!
ערב חנוכה קוילעט מען גענדז, ווי דער שטייגער;
דער שוחט וויל לויפן — עס איז פיר שוין דער זייגער!
דינסטמוידן שרייען; מ'לאָזט אים ניט אָפּ;
נאָר קולות מאַכט צירע —
זי פאַרדונערט דעם קאָפּ:
— קוילעט מיר די גענדז! . . .
— וועלכע „גענדז", שיינע־צירע —
אַז ביי דיר איז איינע „אַ קאַטשקע",
און אויך „אַ פגירה"!

## אַפילו די משוגעים האָבן אייגענע שילן . . .

דער קייזער פראַנץ יאָזעף פלעגט פאָרן, ווי באַקאַנט,
פאַרשטעלט,
אינקאָגניטאָ — בלויז מיט איין אַדיוטאַנט.
קומט ער אין אַ שטעטל, וואו עס שוויבלט און גריבלט
מיט איטשע מייערס,
און אַריין אין אַ חסידישן שטיבל:
דאָ טרינקט מען; דאָרט קנאַקט אַ קדושה אַ ייד;
און מ׳טייטשט איין אַ תוספות —
אַ געשריי, אַ יאַריד!
באַטראַכט דער קאַטאָליק
אָט דעם געטלעכן מאַרק,
און באַוואונדערט דאָס יידישע פאָלק האַרציק־שטאַרק:
— Ich muss ihnen sagen — das ist wirklich erhaben,
Dass sogar „die Verrükten" ihre Bethause haben . . .

## די גאַסטפריינדלעכע מומע

— פלימעניקל, עס נאָך אַ פּאָר —
די וואַרעניקעס זיינען מיר אַזאַ יאָר!
— כ׳האָב ארום זעקס שוין געגעסן, וויפל ז׳דער שיעור?
— זאָל זיך דיר דאַכטן,
האָסט אויפגעגעסן אַכט,
נאָר עס — איך פאַרגין דאָך, פלימעניקל, דיר . . .

# די כוהנים . . .

1

— די כוהנים זיינען בייזע, זאָג, פאַר וואָס ? כ'האָב פאַרגעסן !
— ווייל זיי וואַשן זיך
און זיי „בענטשן",
און מ'גיט זיי ניט עסן . . .

2

מ'פרעגט יאָסעלע כוהן :
— וואָס ז'די טייטש „ויחנך ?"
— „ויחנך" — ער זאָל ווערגן.
— אַדאָס טוסטו אונדז „בענטשן" ? !
— אַז איך זאָג „ויחנך"
האָב איך אין זינען,
עס זאָל גיין אויף די שונאים און אויף די זינדיקע מענטשן . . .

# עס וועט ניט שאַטן, ר' קרוב, מיר זאָלן ניט וויסן פון אייך...

ר' חיימל סאָלאָווייטשיק, ז'איגעם אומקרייז פון בריסק
געווען, ווי דער רוס זאָגט :
„וולאַסטיטעלעם דום !"
שדכנט זיך וואו־דאָרט אַ רב'ל אַ נייער,
אַ שוחטל, אַ סופר — פרעגט מען באַלד אומעטום :
— און ר' חיימל קאָן אייך ? ! . . .
אויב דער ייד ענטפערט, „יאָ" —
שמועסט מען ; אויב — „ניין", זאָגן די פירער אים גלייך :
— אַז ר' חיימל ווייסט אייך ניט,
וועט ניט שאַטן, ר' קרוב
אויב אויך מיר וועלן דערווייל נאָך ניט וויסן פון אייך . . .

## אַ בילעט קיין מצרים . . .

נ׳דער בוקאָווינע ז׳פאַראַן אַזאַ מינהג —
אַ יידישער מינהג עד־היום:
די פאַרכעס אויף שבת הגדול
שיקט מען אָפּ — גלייך קיין מצרים . . .
— — — — — — — — — — — — —
— דו האָסט, מאַרקוס, אַ בילעט שוין געקראָגן? —
פרעגט מען; —
און יענער ז׳ניט מאַריך
און דערלאַנגט דיר דעם אויסגאַב מזומן:
— ביסט אַליין,
גוטער־ברודער,
אַ פאַרד!

## אַ גוט שבת אייך,
## מיט אַ צעבראָכענעם פיסל . . .

(„פלוידערזעק״)

— זיי אַ חכם
און שמועס מיט דעם פלוידערזאַק איטען —
ס׳איז קידער מיט ווידער, —
אַ וואָרט איבערן דריטן:
— און מיין הון, די ראַבע,
ט׳איר געזען ערגעץ, זיסל, —
אַ שיינעם גוט שבת אייך,
מיט אַ צעבראָכענעם פיסל? . . .

## די רביצין פסקנט שאלות...

— דו מאַכסט שאַכער־מאַכער הײַנט, יוזעפל, גראָד:
דײַנע בעזעמער
זײַנען אַלע געװען שוין אין באָד...
— אַז דער שדכן מעג גנבענען יאָרן ביי כּלות;
אַז די רביצין, זאָל לעבן,
פסקנט שוין שאלות;
אַז שמשימלעך האַנדלען
מיט „געקלאַפּטע הושענא׳ס״,
זאָלט איר צו די בעזעמלעך ניט האָבן קיין טענות!

## מיט פעפער װעלן מיר זיך גיבן אַן־עצה...

— װאו נעמט מען אויף אַלץ! —
זאָגט די קבצנטע דאָנערשטיק, —
גיט דער מאַן איר אַ קלאַפּ אין דער פּלײצע:
— ניט געדאגהט, חיה־שרה!
דו קריג דערװײל פיש —
מיט פעפער
װעלן מיר זיך גיבן אַנ׳עצה...

## „פישי אים וו׳סיעם דאַלפאָן"

. . . וואָס ס׳טוט זיך אין שטעטל —
וואָס עס טוט זיך אָפּ דאָרטן —
אַ חתונה אָן קלעזמער:
יידן נעמען פּאַספּאָרטן...
עס זיצט אַ קאָמיסיע — דער וויט און דער פּיסאַר;
דער פּריסטאַוו פון שטעטל —
אַ זויפער, אַ גיסער...
— מה שמך?
— שמואל זאַוול.
— זשענאַט? —
— וואָס וויל ער נאָך! —
אַז מ׳קען ניט אויף רוסיש אַ טראַט טאָן, אַ שטאָך...
און דערצו אַזאַ חילול השם בפרהסיא:
אַ ייד דאַרף גאָר האָבן אַ פּאָך,
אַ פּראָפעסיע...
— וואָס איז דאָס, — פרעגט דער פּיסאַר, — אַ שדכן, אַ חלפן?
דער פּריסטאַוו ווייסט יידיש — גיט ער אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע
דעם פּיסאַר:
— בראַטישקאַ, כ׳וועל דיר געבן אַנ׳עצה:
— פּאָמענשע וואָפּראָסאָוו —
„פּישי אים וו׳סיעם „דאַלפאָן"...

## אויף דעם שכל זיינען זיי גאָרניט געפאַלן...

. . . מזל־טוב! דאָס ווייבל פונעם שטריקלדרייער זונדל
האָט אין אַ שעה אין אַ גליקלעכער
אים געבוירן אַ זונדל!
נאָכן פדיון הבן זיינען זונדל מיט טעמען
אַוועק צום ראַבינער —
אים אַ מעטריקע נעמען.
ברעכט מען זיך דעם קאָפּ אַ שעה אויפן זייגער:
צי פאַרשרייבן אים עלטער
מיט פינף יאָר, אַשטייגער,
אָדער יינגער פאַרשרייבן
אויף דריי, צי אויף צוויי...
זאָגט דער ראַבינער פּראָסט־פּשוט צו זיי:
— און פאַרוואָס ניט פאַרשרייבן ווי ס'איז
און פאַרפאַלן!?
— — — — — — — — — — — — — — —
— אויף דעם שׂכל, זעט איר,
זיינען מיר גאָרניט געפאַלן...

## אָרטיקע סטילן

. . . „לשטרות", „למלכים", פלעגן ציילן תלמודיסטן;
לויט די „רום־אָלימפּיאַדעס" —
די קלוגע העלעניסטן.
דער קאַצאַפּסקע באַיאַר פלעג מאָנען פּראָצענט
נאָך די יאָרן כסדר
צייט מאָסקווע ט'געברענט...
די שטרויענע שטעטלעך האָבן געהאַט זייער ערא:
אינעם פינפטן יאָר
האָט זיין סטיל געהאַט:
— ס'איז געווען פונקט דריי יאָר
נאָך מיין „צווייטן באַנקראָט"...

# אַ פאַרשטערטע שמחה...

גנבענען טאָר מען ניט!
נאָר וואָס מעג מען יאָ:
אַ גוט וואָרט ביי אַ מגיד; דעם אַפּיקומן ביים טאַטן,
און אַמאָל אין צוויי יאָר —
דווקא שבת בראשית —
גלייך פון אויוון — דעם שוחטישן קוגל ביי זלאַטען...
אויך דאָס מאָל ט׳לייזערקע
זלאַטעס קוגל געפּאַקט —
מ׳מאַכט אַ קערמישל, עס שטייט משקה אַ פלאַש;
און מ׳נעמט זיך מיט אימפּעט
צום שוחטישן קוגל
מיט דער גוטינקער קישקע,
וואָס איז אָנגעפּילט
מיט אַש...

## דער זיידע — דער בעל־שם . . .

דעם שניידער, דעם שקראַבניק,
דעם תהלים־ייד דעם פּראָסטן,
אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס פאַרקויפט אין מאַרק פיש —
ער ליבט זיי באמת
„דער זיידע" פון מעזשיבוש,
ער גיט זיי דעם אויבן־אָן ביים שבתדיקן טיש . . .
ער האָט ליב צו הערן,
ווי דער פשוטער ייד
זאָגט תהלים אין ווינקל — אָט אַזוי ווי ער קען . . .
די תלמידים זיי קוקן
דערויף קרומעוואַטע:
„וואָס האָט ער אין זיי, אין די „פּראָסטאַקעס" דערזען?"
— — — — — — — — — — — — —
אין אַ טאָג פירט זיי צו
דער בעל־שם צו אַ ווינקל —
צו אַ דאָרפס־ייד, וואָס זאָגט תהלים אַליין אויף אַ באַנק,
און זאָגט:
— מאַכט אַ קייט —
האַנט צו אַקסל געשווינד!
ביזקל דעם יידן — הערט אויס זיין געזאַנג!
— — — — — — — — — — — — —
דערציילט די חסידישע
אַלטע מסורה:
„די הייליקע חבריה" האָט אַ תהלים דערהערט,
וואָס קען „הימלען שפּאַלטן"!
— אָט זעט, — זאָגט „דער זיידע", —
וואָס די נשמה פון „אַ פשוטן יידן" איז ווערט! . . . .

## די „הינטישע רענדלעך" און די פאַרהאַרוועטע גראָשנס

(לויט ש. אַנ־סקי)

1

די טעג פאַר יום־כיפור —
עס פיבערט, עס ציטערט
דער שפּאַרבער אין וואַלד; אין זיין טייכל — דער העכט;
און אַרום „כלל ישראל"
טוען קעמפן „פון אויבן",
פאַרביטערט
די כוחות פון „גוט" און פון „שלעכט" . . .
מלאכימלעך גוטע
קלייבן אונטער ווי פּערל
אַ מצוהלע, פון צדקה — יעדן קופּערנעם גראָשן;
דער שוואַרצער „בעל־דבר", —
פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, —
אויך ער טוט ניט רוען, דער פאַרפירער, דער רשע!
— — — — — — — — — — — — —
פאַרלויפט זיך אַ מעשה —
אַ קרעטשמער — אַ דלפון
האָט פאַרשולדיקט זיין פריץ פאַר גאַנצע דריי יאָר;
ר'האָט געלאָזן די בעבעכעס
מיט ווייב פאַר אַ משכון,
און אַוועק אויף דער וועלט
שאַפן קערבלעך אַ פּאָר . . .
ער שפּאַנט פאַר אַ שטעטל —
מיטאַמאָל אַ געקלאַפּער:
ס'פאָרט אַ פּוילישער גראַף מיט אַ קאָזאַקן־עסקאָרט!
אַ קאָזאַק שמייסט דעם זשידעק
גלייך אַראָפּ אין אַ ראָוו —
גראַף סאַנגושקאָ דערזעט —
ר'הייסט אים ברענגען פון דאָרט . . .
— — — — — — — — — — — —

— מה שמך, פאַן מאַשקו ? —

ר׳איז דעם שליאַבטיטש געפעלן —

און דער שלימזל באַשרייבט אים זיין אומגליק, „זיין פעקל״ . . .

— „דריי הונדערט״, זאָגסטו ? . . . .

און ער שענקט אים דריי הונדערט

„גאָלדענע רענדלעך״ אין אַ זיידענעם זעקל :

— ניט וויין, און גיי צאָל !

און פאַרשווינדט מיטאַמאָל.

דער ייד איז צעמישט — סאַראַ גליק !

און דער שטן

כאַפּט אונטער אָדי „רענדלעך״,

און האָט אין די הויכע היכלות

זיי אַנטקעגן די „יידישע גראַשנס״ צעשאָטן :

„נאָט זעט, ווי אַ פּריץ

גיט אוצרות מיט צדקה ! . . .

די רענדלעך זיי פינקלען ;

זיי האָבן געשפּעט, אי געלאַכט

פון די „יידישע גראַשנס״ —

ס׳ווערט „אַ קיטרוג״ אַ גרויסער !

און אויף דער וועלט שטייט שוין אָן

דער כל־נדרי־פאַרנאַכט . . . .

2

. . . שוין לאַנג האָבן די מעזשיבושער יידן די שטילע

מיט „אַכפּערגיש״ אָפּגעזאָגט „די לויטערע תפילה״ ;

דער הימל ער טונקלט ; עס פאַלט צו די נאַכט ;

מ׳וואַרט אויף „זיין צייכן״ —

דער בעל־שם שטייט פאַרטראַכט,

פאַרגליווערט, פאַרוואָלקנט, באַטריבט,

און ווען־ניט־ווען

טוט אַ ליכטיקער פונק אין די אויגן אַ ברען . . .

מ׳זעט אַז דער צדיק פירט אַ קאַמף גאָר ניט דאָ . . .

און דאָ איז צייט פון כל־נדרי —

אַ מינוט איז אַ שעה !

ס'כאַפּט אַ טרייסלעניש אַלעמען! די ליכט אַטעמען שווער.
מיטאַמאָל טוט דער בעל־שם זיך צום עולם אַ קער:
— דעם מאַלאַיאַרעוווער שענקער
שאַפט גלייך מיר אַהער!

— — — — — — — — — — — —

דער שענקער ז'פאַרציטערט: „וואָסער מענטש איז אַן זינדן?"
דער בעל־שם זאָגט אים ליבלעך:
— דו ניט שרעק זיך, מיין קינד...
עס ווערט שטיל, הייליק־שטיל — ניט קיין זיפץ,
ניט קיין טרער;
רק מ'הערט ווי ער שטאָלפּערט גראָב־דאָרפיש און שווער.
דער שענקער צום מזרח;
אים באַפעלט דער בעל־שם:
— דערצייל, שלום־שכנא, דו דערצייל, זיך ניט שעם,
פונעם גראַף סאַנגושקאָס
הונט פונעם געלן —
דו האָסט דאָך געקענט אים; ר'איז געווען דיר געפעלן...

— — — — — — — — — — — —

— שייך „געפעלן" — אַ הונט ווי אַלע אויף דער וועלט!
דער פּירשט ט'באַצאָלט פאַר אים אַנ'אוצר מיט געלט:
אויף אַ „הינטישן טאַרג" ט'ער פאַר דעם כלב באַצאָלט
טויזנט רענדלעך,
טויזנט שטיק גאָלד!
און אין אַ כמורנעם פרימאָרגן האָט אויפן הונט אים פאַרדראָסן,
און גלייך,
אָן אַ „משפט",
האָט דער גראַף אים דערשאָסן...
— אַזאַ טייערן הונט —
און ער האָט ניט חרטה?!
— וואָס „טייער", ווען „טייער" —
ביי אים איז רענדלעך ווי בלאָטע!

— — — — — — — — — — — —

— האָרך, רבונו של עולם!
הער אויס, ליבער טאַטע,
ביי סאַנגושקאַ דעם גראַף זיינען „רענדלעך ווי בלאַטע"! —
פאַר אַ הינטישן הונט
צאָלט ער אַפּ טויזנט שטיק! —
ס'ניט „די פאַרהאַרעוועטע גראָשנס"!! . . .
און מיט אַ ליכטיקן בליק
טוט דער בעל־שם זיך אַ קער צו דוד פּירקעסעס זייט:
— זאָגט ר' דוד, כל־נדרי!
זאָגט, זאָגט — עס איז צייט...

## „קאַזאַקן״ ... (לויט ש. אַנ־סקי)

אויף הייסינקע פערדלעך, מיט פאַריסענע קעפּ
רייטן „דעם רבינס קאַזאַקן״ אין סטעפּ.
דער רבי מאַכט חתונה ישראלצין זיין זון —
עס קערט זיך די וועלט! מ׳טוט קאַכן און באַקן;
עס שוויבלט מיט געסט!
איז ווי שפּילט מען די חתונה
אָן אַ פּאָר ראַטעס „חסידימלעך־קאַזאַקן״ . . .

אַט דערזעען זיי אַ סטאַדע מיט גענדז אויפן סטעפּ,
און טוען „אַ טוץ״ גלייך אַ כאַפּ און אַ שלעפּ
געבראַטענס אויף אַ חתונה איז אַ מאכל מלכים!
נאָר זיי כאַפּן זיך גלייך:
— אָן געלט — ס׳איז „גזלה!״
און שיקן אויף גיך צען קאַזאַקן אין דאָרף
מיט „אויסקויף־ממתקים״ אַ פולע פּאַטשיילע . . .
— — — — — — — — — — — —
דאָס דערפל — עס גאַפט. צייט גאָט פירט די וועלט,
האָבן „קאַזאַקן״ פאַר גענדזלעך
ניט געצאָלט אַזאַ געלט!

ס׳איז יום־טוב אין דאָרף מיט באַנדוריעס, מיט טענץ!
דעם שענקער באַצאָלט מען פאַר בראַנפן אַ פאַס,
און מ׳גייט „אַ גאָפּאַק״!
עס „מאַכן אַ שהכול״
„די קאַזאַקן״ און גייען אַ טענצל אין גאַס.

„סאַלנצע ניזענקאָ״ זינגט אויס אַפּאַנאַס;
די חסידימלעך זינגען:
„טשאַס דאַ דאָמו, טשאַס . . . ״
און „אדיר במלוכה, בחור כהלכה״
דערלאַנגען זיי אין דאָרף מיט אַ חסידישן ברען!
דאָס דערפל — עס גאַפט:
צייט גאָט פירט די וועלט,
ט׳מען „קאַזאַקן״ אַזעלכע
ניט געהערט, ניט געזען!...

## די פרעלודע פון ר׳ שייעלע דונעוויצער...

(קעשענעווער וואַריאַנט)

. . . זכאין, זכאין, זכאין —
זכאין חולקיהון דישראל דעסקין באוריתא
יומם ולילה, יומם ולילה!
דער הייליקער מדרש זאָגט:
„מור״ — זה אברהם;
ולמה נקרא שמו „מור״?
אלא מה מור זה ראש לכל הבשמים,
אף אברהם אבינו איז געווען
דער ראש לכל הצדיקים . . .
„לבונה״ — זה יצחק.
ולמה נקרא שמו „לבונה״?
אלא מה לבונה זו עפרה צבור,
אף יצחק אבינו איז געווען
„עפרו צבור״ על גבי המזבח...
„אבקת רוכל״ — זה יעקב.
ולמה נקרא שמו „אבקת רוכל״?
אלא מה „אבקת רוכל״ זו — כולל לכל הבשמים,
אף יעקב אבינו איז געווען
„דער כולל״ לכל הצדיקים . . .

מלאכי מעלה, מלאכי מטה
ירעדון ויפחזון מאימת דינך!
דרי מעלה, דרי מטה
ירעדון ויפחזון מאימת מלכותך!
גם אני
ישעיהו בן חינקע —
עפר ואפר, רמה ותולעה! —
באתי לעמוד ולהתחנן לפניך:

רבונו של עולם,
מה לך אצל ישראל —
וואָס האָסטו צו דיינע יידעלעך ?!
והלוא יש לך כמה אומות —
ארמאים, בבליים,
פרסיים, יונים —
פרעג איך דיך: מה לך אצל ישראל? —
וואָס האָסטו צו דיינע יידעלעך? . . .
אלא חביבין ישראל
שנקראו „בנים למקום" —
איַי, איַי, „**ברוך**", איַי, איַי, „**אתה**" . . .

## צו זיין ביי ליטוואַקעס אַ רב . . .

. . . אַז מ׳האָט באַדאַרפט אַראָפּשיקן אַהער
אויפן עולם השקר
די „ליכט און ליבע נשמה" פונעם בערדיטשעווער רב,
האָט דער „בעל־דבר" פּאַרטענהט:
— ס׳אַ סוף פון מיין קרעמל:
ער וועט די וועלט דורכבליצן!
זאָגט מיך אָפּ סוף־כל־סוף! . . .
זאָגט מען:
— יאָ, ער וועט זיין
אַ ליכט־וייַל פאַר יידן;
נאָר דריי אומשטאַנדן שווערע וועלן צוימען זיין כוח:
ער וועט זיין „נע ונד";
ער וועט ניט זען דעם בעל־שם . . .
און אין פּינסק, ביי די ליטוואַקעס,
נאָך זיין אַ רב אויך . . .

## דער בערדיטשעווער רב

. . . — ווערסטו אַנשרייבן, פּאָטער, דיין פאָלק „אַ גוט קוויטל״ —
דעם יידן, זיין קינד און זיין ווייב,
איז שרייב, פּאָטער זיסינקער, שרייב:
„פּיקוח נפש״ — ס׳אַ מצוה! ווי איך שטיי אינעם קיטל! . . .
ס׳איז אַ דין און אַזוי זאָל עס בלייבן!
נאָר טאָמער, חלילה, איז ניט גינסטיק „דאָס קוויטל״ —
בין איך רב פון בערדיטשעוו
און כ׳זאָג אין טלית און קיטל,
אַז יום־טוב טאָר מען ניט שרייבן! . . .

## בערע דער וואַסערפירער

אויפן „בערדיטשעווער״ הויערט אַ וואָלקן אַ שווערער,
און ער רופט פונעם פּאָלעש דעם וואַסערפירער בערע:
— זאָג, בערע, די טייטש — דו פירסט דאָך „מים שלנו״ —
פון „אם עונינו ענו בנו״. . .
— ווי קום איך צו „טייטש״ — איך קאָן שמירן אַ וואָגן!
נאָר אַז דער רבי הייסט —
ווי איך קען, וועל איך זאָגן:
„אם עונינו״, טאַטינקע — אויב מיר האָבן געזינדיקט ווען פריער,
„ענו בנו״ — פאַרגעס ניט:
מיר זיינען „קינדער״ ביי דיר! . . .
— אַ טייטשער, — זאָגט דער רב, — ביסטו ניט גאָר קיין עכטער,
נאָר אַז אַ גוט יאָר אויף יידן
ווי דו ביסט גערעכט!
זאָגט,
חזן,
כל־נדרי . . .

## נר ה׳ נשמת אָדם

אין די יונגע יאָרן האָט אלימלך
געפּראָוועט גלות גאָר ניט פריילעך,
קומט ער אָן צו אַ ייד אַ פּעלצניק —
אַנאָרימאַן און אויך אַ מלך . . .
לערנט ער ביים קורצן ליכטל;
דאָס ווייבל מאָנט; די נויט איז גרויס:
— מיילעך, מיילעך.
פאַרריכט דאָס פּעלצל,
ווייל דאָס ליכטל גייט שוין אויס . . .

— צי איז דען ניט, — טראַכט אלימלך, —
דאָס לעבן אַ קורץ נשמה-ליכטל ?!
צי איז ניט צייט, —
טראַכט אלימלך, —
אויך מיין פּעלצל צו פאַרריכטן ?!

## די מענטשלעכע פליגל . . .

(לויטן בית ישראל)

— מיין יענקעלע, ער פרעגט, — זאָגט דער חסיד און שטאמלט —
(ער איז נאָך אַ נאַרעלע גאָר) —
„אויב דער רבי ז׳באמת אַ געטלעכער מלאך,
וואו זיינען די פליגלען דריי פּאָר ?״ . . .

— ער פרעגט מיט אַ גאַנג! — זאָגט דער רוזשינער צדיק, —
איך בין ווייט פון אַ מלאך צו זיין!
נאָר פליגלען זעקס האָב איך:
גיי, וויז אים די זעקס
„ליכטיקע״ זינדעלעך מיינע! . . .

## ס'וועט גאָרניט פאַרפאַלן . . .

א פאַרביסענער מתנגד,
אַ „געפאַנצערטער ליטוואַק",
מיט אַ צונג וואָס טוט ברענען און בראָטן,
האָט זיך אין מעזשיבוזש באַזעצט —
אַרום רבין ר' ברוך,
און ער „חוזקט", און ער גראָבט „ווי דער שׂטן" . . .
און „פאַרשיט מיט גמרא'ס"!
אַמאָל זיצט ער ביים טיש,
און דער רבי רופט זיך אָפּ מיטאַמאָל:
— איר ווייסט דאָך, מסתמא, אַז דעם קינד צום געבוירן
טוט אַ מלאך אין בעזל אַ שנאָל —
ר'זאָל פאַרגעסן די תורה: גיי, האָרעווע,
הייב אָן „קאָמעץ־אַלעף" ביים רבין . . .
ווער פאַרשוואַרצט!
און ווי איז, אַז דער מלאַך
האָט דעם שנאָל־אָט פאַרגעסן צו געבן? . . .
נאָר ס'וועט גאָרניט פאַרפאַלן — עס איז דאָ
ווער ס'זאָל „דעם פּיק"
אים "אין פּינטעלע טרעפן"!

— — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן האָט דער ליטוואַק אין קלויז
קוים מיט צרות דעם סידור געעפנט . . .

## מ׳זעט אַז ס׳איז שבת

דער „צמח צדק״ — אַ קינד נאָך — קומט פון חדר צעטראָגן . . .
— וואָס איז, מענדעלע ?
— איך האָב שמיץ היינט געקראָגן . . .
— אַ רבי ז׳אַ טאַטע, ער וועט גלאַט־פוסט ניט שמייסן ! —
זאָגט „דער זיידע״ ; —
דערציייל מיר די מעשה !
— דער רבי, ר׳האָט געפרעגט מיך אויף אַ קול, מיט אַ ניגון,
אַ מין פראַגע,
און איך האָב געשוויגן.
ר׳האָט געפרעגט :
— וואָס זאָל טאָן יענער ייד פון די וועלדער,
וואָס אַרום איז רק ביימער און דראָבעס, —
די ביימער זיי רוישן און דער „וואַלד־ייד״ האָט נעבעך,
פאַרגעסן דעם טאָג ווען ס׳איז שבת . . .
— די פראַגע ז׳אַ פראַגע. זי פאַרנעמט אַ גרויס אָרט,
און ווי שווייגסטו און זאָגסט ניט קיין וואָרט ? !
— איך באַנעם ניט די פראַגע :
„טיפער וואַלד״, ווילדער זשום״ —
אָבער „מ׳זעט דאָך דעם שבת אַרום !״

## יאָסעלע גולם

. . . ערב ראש־השנה פאַרנאַכט —
מ׳גרייט שוין דעם טיש,
און יאָסעלע גולם כאַפּט נאָך אַלץ פיש . . .
— א סוף צו די פיש!
דער מהר״ל וואַרט אויף אייך!
און יאָסעלע פּליושקעט די פיש אויס אין טייך . . .
— איַי, יאָסעלע, יאָסעלע! — זאָגט דער מהר״ל מיט אַ שמייכל, —
אויף כאַפּן פיש
איז צו קורץ דיין שכל!
נאָר די ידישע שונאים —
די גיפטיקע העכט —
דערפאַר ווײסטו, יאָסעלע, כאַפּן ניט שלעכט . . .

## פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס...

(בראַצלעווער מעשׂהלעך)

— נעם פון שאַפקע די גלאָז,
מיין „בלייענער פויגל״, —
זאָגט קיילע די בייזע צו איר עוזר בצלאל, —
ברענג איינס און צוויי
א גלאָז שיטערע הייוון:
מאָרגן איז פרייטיק — מ׳דאַרף ראַשטשינען די חלה . .
— „טאַק טאַטשנאָ!״ מיין קרוין! —
זאָגט עוזר ווי תמיד,
און שפּאַנט זיך פּאַמעלעך,
ווי נאָכן שוויצבאָד אַ גביר . . .
מיטאַמאָל — זיינע „בראַצלעווער״:
— מיר וואַרטן אויף דיר —
קריך, עוזר, אין וואָגן!
מיר פאָרן קיין הומאַן
צום רבין אויף שבת — נו, טו זיך אַ ריר!
— — — — — — —, — — —

בראַצלעווער חסידים —
דאָס איז „פייער און פלאַם״:
מ׳פאָרט ניט „געפייגערט״, מ׳פאָרט מיט אַ ניגון! . . .
און אַמאָל זיינען „חברה״
געקומען: זאָגט ר׳ נחמן:
— „בואכם לשלום!״
נאָר פאַרוואָס ט׳יר געשוויגן? . . .
— — — — — — — — — — —
האָט עוזר פאַרבראַכט
ביים רבין אַ וואָך;
געקומען פונקט דאַנערשטיק, און גלייך זיך דערמאַנט:
— אוי, זי וואַרט אויף די הייוון . . .
ר׳איז אַריין „גיך״ אין קרעמל,
און „פּאַשאַל גיך״ אַהיים מיט דער גלאָז אין דער האַנט . .
ער שפּאַנט גיך און פעסט:
ס׳איז פאָרט ערב שבת!
און טוט אַ פאַל פאַר דער טיר —
אויס גלאָז, הייוון — אויס . . .
— אָט איצטער, — זאָגט עוזר, —
זעט מען באמת,
אַז „פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס״ . . .

## אַלעקסע איז אַ גילגול פון יאָסעלע גולם...

. . . וועגן הייליקן בעל־שם טוען חסידים אַ זאָג:
— אין אים איז „דער ניצוץ״
פון מהר״ל מפּראָג . . .
און אַפילו פון אַלעקסע, שמועסט אונטער דער עולם:
— ער איז אויכעט אַ גילגול,
נאָר פון יאָסעלע גולם . . .

## אַ לידעלע — ווי מ׳זינגט . . .

. . . די זעלביקע ווערטער און דער ניגון איז דער,
נאָר אין וואַסילקאָוו זינגט מען דאָס לידעלע שווער:
„דער רבי ט׳געוואוינט אין וואַ־סיל־קאָוו, וואַ־סיל־קאָוו,
היינט וואוינט ער אין טאַל־נע״ . . .
אַזוי זיפצט אַ מאַמע, אַז דער זון פאָרט אַוועק,
אַ דיכטער אַ קאַלטער, ווען ער האַלט שוין ביים עק . . .
דאָס זעלביקע לידל

און דער ניגון — ניט קיין נייער,
נאָר די טאַלנער זינגען מיט שטאָלצקייט,
מיט פייער:
„דער רבי ט׳געוואוינט אין וואַסילקאָוו, וואַסילקאָוו,
היינט וואוינט ער אין טאַלנע!
דער רבי ט׳געוואוינט אין וואַסילקאָוו,
היינט וואוינט ער אין טאַלנע״ . . .
אַזוי זינגט דער העלד, וואָס האָט אַ פעסטונג גענומען,
די פאַרליבטע שולמית,
ווען שלמה ז׳געקומען . . .

## דאָס שטעטעלע נעוועל

(ליבאַוויטשער פאָלקלאָר)

— דער ליבאַוויטשער רבי, — זאָגט דאָס נעוועלער רב׳ל, —
פלעגט זאָגן אויף אונדז:
— „הללוהו בנבל!״
און אַ נעוועלער קצב — אַזאַ ייד ווי ער איז,
שטייט העכער פון אַ קרעמענטשוקער משכיל — אַ ריז!...

## עס קומט ניט אויס דער חשבון

אויף אַן אָנשטעל־גביר
מיטן פוילישן האָנאָר —
מיט דער ברייטער דעה, מיטן צינגעלע אויף שרויפן,
האָט דער רי״ץ דער ליבאַוויטשער
געזאָגט, אַז
ביי אים
„קומט דער חשבון ניט אויס״ בשום ענין ואופן:
„ועשיר יענה״ —
וואָס מער גביר,
מער עזות פנים, ווי דאָס וועלט־ווערטל זאָגט —
ס'אַ „גבירישע קרענק!״
נאָר ביי דעם „כמו־גביר״
איז די חוצפה פיל מער
פון זיין געלט וואָס ר'פאַרמאָגט...

## שומר נפשות חסידיו מיד רשעים יצילם

— ווי קען דאָס געזיין, —
פרעגט ר' אהרן קאַרלינער, —
אַז חסידים זאָלן אַריינפאַלן צו רשעים אין די הענט?!
ער האָט זיך פאַרטראַכט
און געזאָגט מיט אַ זיפץ:
— אויף אַ רבי טרעפט אויך אַמאָל
„אַ פאַלשער פאַטענט״:
עס וועט קומען אַ צייט
און אין אַ קאַרעטע וועט פאָרן
אַ רבי אַ געמאַכטער, פון דעם און יענעם אָרט;
חסידימלעך וועלן בומלען
און כלל גאָר ניט וויסן,
אַז אַ הונט פון די „פאַלשע נביאים״ זיצט דאָרט...

## כ׳האָב באַדאַרפט ברעכן די טיר

(אַ ליבאַוויטשער מסורה)

...,,דער רב״ האָט דעם זיידן דעם בעל־שם ניט געזען;
דער בעל־שם האָט געגאַרט זען אַליין
דעם ,,אור החיים״,
האָט דער שטן, דער מזיק, צעאַקערט־צעשויבערט
אַלע ימען און וועגן
ביז ירושלים...
— — — — — — — — — — — — —
דערציילט די מסורה:
אַליין ר׳ שניאור־זלמן
ז׳אַ פאַרשטעלטער צום גאון קיין ווילנע געפאָרן;
נאָר אַ מתנגד־,,אַ קוקער״ וואַרפט אויף אים אַן׳אייגל
און די טיר צו דעם גאון
איז פאַרשלאָסן געוואָרן...
ברענט דאָס מחלוקת אין די ליטווישע שטעטלעך
צווישן מתנגדים און חסידים העליש־פלאַמיק ווי פריער!...
פלעגט ר׳ שניאור־זלמן צו זיך אַליין טענהן:
— מ׳האָט פאַרשלאָסן —
האָב איך באַדאַרפט ברעכן די טיר!...

## שנייד מיט ,,דין״ און שמיר נאָר ,,מיט חסד״...

... אין דעם יאָר ט׳מען אין טשערנאָבל געפראַוועט פאַר נויט
די טישן מיט פוטער מיט ברויט...
דער גבאי טיילט רייפטלעך
ווי די שפענדלעך געטעסעט,
ווייל דער עיקר איז דאָך עולם־הבא...
גיט אַ זאָג דער טשערנאָבעלער דעם גבאי:
— דו זאָלסט שניידן ,,מיט דין״,
דו זאָלסט שמירן ,,מיט חסד״...

## זאָל מיקאָלקע זען...

ביאַליק און בן־עמי
האָבן אינעם חסידישן פוילן
בייגעוואוינט דעם פּאַראַד
פון באַגעגענען אַ רבין:
קאָפּ אויף קאָפּ און — ס'איז אָרדענונג!
אַנשטאָט פערד
שפּאַנט מען חסידים;
און יעדער פערדעלע זאָגט צו „ח"י מאָל ח"י" געבן...
— — — — — — — — — — — — —
קוים אַריין באַר אין וואַגאָן,
נעמט די חסידים־קאַפּעליע
אָן אַ כאָר־דיריגענט מאַרש־ניגונימלעך קנאַקן!
— זאָל ער זען,
מיקאָלקע, —
זאָגט ביאַליק צו בן־עמי, —
ווי מען באַגעגנט אַ קייסער
אָן זשאַנדאַרן, קאָזאַקן...

## „אַלץ פֿאַר געלט"

— ער בעט געלט, דער בעל־מוסף, — זאָגט דער רבי ר׳ ברוך:
ס׳אַראַ נאַרישע, זינדיקע וועלט!
„ובכן תן פחדך" —
שטעל זיך פֿאָר, הערשל,
איז אויך שוין געוואָרן „פֿאַר געלט" . . .
— ניט שרעקט אייך, זאָגט הערשל, פֿאַר דער „זינדיקער וועלט":
„ובכן צדיקים"
איז אויך שוין „פֿאַר געלט" . . .

## זאָל זיין ויהי נועם מיט עסיק . . .

דעם אַלטן קרעטשמאַר — אַ נפש אַ גראָבער —
האָט אַ שטעכעניש געכאַפּט,
זאָגט צו אים נעכע דאָבע:
— כ׳וועל אַ פֿאָר טאָן צום רופא, צום רבין.
זאָגט נאָטע:
— פֿאָר, נעכענקע־לעבן,
פֿאָר אַפֿילו צום טאָטער! . . .
נאָר נעכע ז׳אַ קאָזאַק — זי פֿאָרט אַז מ׳דאַרף!
געפֿאָרן־געקומען; דער קרעטשמאַר זאָגט איר שאַרף:
— ס׳קאָצל קומט, נעכע!
זאָג, נעכענקע־לעבן,
וואָס האָט מען דאָרט פֿאַר רפֿואות געגעבן?!

— דער רבי האָט „זיבן מאָל ויהי נועם" געהייסן;
דער רופא הייסט שמירן מיט עסיק מיט הייסן . . .
— זיי ווייסן אַ קרענק!
נאָר אַ רפואה איז אַ זאַך! . . .
און בכדי זיך ניט פּאַרקען, נעכע, אַ סך,
מיש אויס, איינס און צוויי,
אין אַ בוטל אַ ריינעם
דעם „ויהי נועם" מיטן עסיק אינייינעם . . .

## וואַרט ניט ביז דער רבי וועט
## אַ געזונטן שטעלן באַנקעס . . .

. . . אַז בריינדל פאָרט אויף דעם יאַריד
מיט טאַראַנקעס, מיט מאַקוכן,
לאָזט זי איבער האַק און פּאַק,
און לויפט אַ מצוה זוכן . . .
אָט קומט זי ווידער צוריק אין דאָרף
מיט די לידיקע ידים;
מ׳דאַרף מאַנטיק צאָלן קרעטשמע־געלט,
און גיי שריי „חי וקים!" . . .
נאָר בריינדל איז אַ חסידקע
איינע אין דער וועלט!
זאָגט זי:
— מ׳דאַרף ביים רבין זיין —
עס וועט שוין ווערן געלט . . .
שפּאַסט דער אַרענדאַר גאָר מיאוס:
— פאָרן; צו וואָס?
צו וועמען?!
דער רבי ז׳פון יענער גוואַרדיע,
וואָס האָבן ליב צו נעמען . . .
נאָר בריינדל זיצט ביים גבאי שוין
מיט אַ ידענע אויף איין באַנק —

ביי יענער איז אַנאַנדער זאַך:
דער מאַן איז ביטער קראַנק!
שרייבט דער גבאי קוויטלעך צוויי,
און זאָגט: „בעבור שיתן",
און קוועטשט אַראָפּ דאָס ביסל מינץ,
נאָר די קוויטלעך
האָט ער
פאַרביטן . . .
— — — — — — — — — — — —

און ברײַנדל קומט צום רבין אָן —
ער לייענט און זאָגט:
— ניט זאָרגן —
גאָט ט'העלפן!
איך הייס, למען השם,
אים באַנקעס שטעלן מאָרגן . . .
— — — — — — — — — —

אַ געפילדער, אַ קריגערײַ אין שטוב,
נאָר ער גיט איר נאָך, דער דלפון:
ער קריכט אין בעט,
ער ווערט „טויט-קראַנק" —
די באַנקעס
האָבן
געהאָלפן . . .
— — — — — — — — — —

צום וואָך-יאָריד באַפּוילט ער:
— פאָר!
פאַרקויף, ברײַנדל, די טאַראַנקעס;
וואַרט ניט ביז
דער רבי וועט
אַ געזונטן
שטעלן
באַנקעס . . .

## חצי רב — חצי רבי . . .

דאָס רב׳ל פון סטראָזשינעץ
ז׳געוועזן ניט אײַ־אײַ!
נאָר ער איז פון די אייניקלעך — אַ שטיק רבי כמעט . .
זאָגט איציק דער משכיל:
— אָט איצט פאַרשטיי איך
פונעם „ובחרחר״ פון דער תוכחה
דעם אמתן פשט:
„חרחר״ איז אַנאָנשיקעניש
פונעם הימלישן פאָטער —
חצי רב — חצי רבי,
און גיי ווער פון אים פטור . . .

## פיר אַרויס די ציג...

— מיר ווערן דערוואָרגן אין אַלקערל — ס׳איז ענג!
— פאַראַן ביי דיר אַ ציג?
— אַ ציג — ווי דען, רבי?!
— גיב איר אַ ווינקל —
אין שטוב די ציג ברענג...
— — — — — — — — — — — — —
— אוי, מיר ווערן דערשטיקט, מיר ווערן דערוואָרגן, —
זאָגט דער חסיד אין אַ וואָך, —
און דערצו נאָך די ציג!
— פאָלג מיך, מיין קינד, פיר אַרויס די ציג מאָרגן!
אויף דער וואָך אויף דער דריטער קומט צום רבין ר׳ שייע.
— ווי לעבט זיך, מיין זון?
— דאַנקען גאָט, רבי:
אויס ציג, אויס טומל —
שטיל און גראַם — אַ מחיה!

## וואָס גלייכט איר, רבי ?

— אַ שלימזל אַנ׳איידעם :
רק ער דאַוונט, ער לערנט
און טוט ניט אין שטוב פון דאַנען אַהער.
— ער דאַוונט, ער לערנט —
וואָס דאַרף מען נאָך בעסער —
איך טו דאָך דאָס אייגענע ! —
זאָגט דער רבי צום שווער...
— וואָס גלייכט איר, רבי —
איר דאַוונט, איר לערנט —
איז דאָט אייער פּרנסה, דאָס טועכץ, דער קרן ! —
זאָגט דער יישובניק פּשוט. —
נאָר מיין פרומער לאָשעק —
ער ווייסט ניט קיין חכמות —
ער מיינט דאָך עס ערנסט !

## אַז דער רבי זאָל לעבן זיצט אויף דער קעלניע...

. . . אויך דאָס מאָל האָט דער רבי
מיט מיקיטאַן דעם שמייסער
געמאַכט אַ זומער־שפּאַציר גאָר אַ ווייטן.
ער האָט ליב די פערדלעך
און קען הילכות לייצעס,
און ער פלעגט אויף דער קאָזלע
מיקיטאַן אומבייטן...
— — — — — — — — — — — —
אַזוי האַלטנדיק די לייצעס
ז׳ער אַריין אין אַ שטעטל —
ס׳ווערט אַ רעש, אַ געטומל, — אַלע לויפן אויפגיך :
אַז דער רבי זאָל לעבן
זיצט אויף דער קאָזלע,
טאָ ווער ז׳אין דער קאַרעטע —
אוודאי משיח !

## דער רבי איז אַ גאַנצער ווינטער

... די טשערנאָבילער צדיקים,
ווי פון רוסלאַנד בכלל —
זאָגן זאָגט מען אויף אַ גראָשן; עסן עסט מען ווי די פליגן...
די — פון סאַטמאַר,
די — פון מונקאַטש —
זאָגן זאָגט מען ווי מגידים;
עסן עסט מען — אַ פאַרגעניגן!
— — — — — — — — — — — —
— וואָס זאָגסטו אויפן רבין? —
ט'מען געפרעגט ביי אַ סקווערער,
ווען דער סאַטמאַרער ז'געווען דאָרט אין שטעטל אין געסט.
— דער רבי פון סאַטמאַר
איז אַ ווינטער אַ גאַנצער:
ווייס ווי שניי,
אויסגעשטערנט
און פרעסט...

## אות או מופת...

— דער געקומענער רבי איז שטומפּיק אויף לערנען, —
זאָגט דער מתנגדישער שוחט, ביים פּליקן די עופות, —
און וואָס איז דער חידוש, אַז ביים „ונתן לכם"
שטייט בפירוש געשריבן:
„אות או מופת"...

## דעם שמש אַ צענער — איי, גדליה, גדליה!....

— ראַטעוועט, רבי! — שרייט דער וואַלד־גביר גדליה:
איך ווער, שונאי ציון, בדלות!
איך דאַרף שניי אויף צו קייקלען די קלעצער פון וואַלד,
און עס רעגנט, עס מבולט — אַ גוואַלד!
— גאָט ט'העלפן, גדליה! גיב אַ פדיון דערביי
דריי הונדערט דרייסיק און דריי —
דאָס באַטרעפט פונקט ווי „ש'ל'ג״; און גיי, מיין קינד, גיי —
ס'וועט אם ירצה השם גיין אַ שניי...
ציילט גדליה במחילה די פויטעקע אויס
און ער איז מלא שמחה אַרויס.
— ס'וועט זיין שניי, — זאָגט גדליה צום שמש דעם קענער
און שענקט אים אויכעט אַ צענער...
און בליץ־שנעל אין וואַלד — ער וואַרט עס זאָל שנייען —
לא דובים! —
עס רעגנט אינצווייען...

— — — — — — — — — — — —

נאָך אַ וואָך קומט גדליה מיט אַ הימל־געשריי:
— ר'האָט דאָך צוגעזאָגט, רבי, אַ שניי!
און „כמנין ש'ל'ג״ האָב איך אויסגעציילט דעם רבין,
און דעם שמש
אַ צענער געגעבן.

— — — — — — — — — — — —

— דעם שמש
אַ צענער —
איַי, גדליה, גדליה!
ס'דאַך געמאַכט מיר דעם עסק גאָר קאַליע:
דריי און דרייסיק דריי — אַז מ'וואַרפט צו אַ צענער —
רעכן אויס! — ביסט אַ סוחר־אַ קענער —
דאַן באַטרעפט דאָך שוין
„ג'ש'ם״, —
טוט דער רבי אַ מאַך, —
און ווי טוט עס אַ ייד אַזאַ זאַך?!...

## פון היץ און פון קעלט . . .

אַ געקומענער ליטוואַק האָט אויפֿן קעשענעווער מאַרק
דערזען „אַ העקער" מיט אַ וואונד־רויטן קארק:
— פֿונוואָס, ליבער ייִד, ז'אָט „די צרה" ביי אייך?
— אוי, פון היץ און פון קעלט, —
ענטפערט ס'העקערל גלייך.
דער ליטוואַק באַנעמט ניט; דער העקער טייטשט איין:
— פון הייסע וואַרעניקעס
און קאַלטן ווייַן . . .

## בגדי מלכות

נאָטקע דער שענקער פון דער „קאַלאַראַשער ראָגאַטקע" —
ער רעדט אויף משיחן,
אויפֿן רב,
אויף „ננתקה",
און בראַקט „שאַרפע מעמרעס" —
„ניט צום שטאָט, ניט צום דאָרף!"
ער האַלט פון זיין זלאַטען און גיט אַ ווערטל אַ וואָרף:
— און אַ מילכיקן באַרשט האָט געפּראַוועט מיין זלאַטע —
בגדי מלכות! —
ווי איך בין אַ טאַטע!

## דער רבי מיט זיבן יאַרמעלקעס . . .

. . . דאָס טובלען זיך אין מקוה פלעג דער רבי שטאַרק ליבן,
און געפירט צו דער מקוה
האָבן טרעפּעלעך זיבן.
און יאַרמעלקעס זיבן טראָגט דער רבי אויפן קאָפּ:
אַ טראָט אויף אַ טרעפּל —
אַ יאַרמולקע אַראָפּ . . .
און אַ „דיבוק געטריבן" האָט דער רבי אַ מאָל זיבן,
און אפילו קיין איינעם
פון שטאָט ניט פאַרטריבן! . . .
דערפאַר האָט דער רבי מיט די יאַרמעלקעס זיבן
קעשענעוו געשענקט
„אַ שיקעלע" אַ ליבן —
אוי, איז דאָס געווען אַ חונדל־פיין —
אַזוינס וועט אין קעשענעוו שוין קיין מאָל ניט זיין!

## „אַ דראַנג" איז אויך אַ מדרגה . . .

— איר זייט מיך, „דעם דראַנג", הערן געקומען? —
זאָגט „אַ חזן — אַ שרייער" צו יונה דעם קרומען.*
— דאַרפסט, ברודערקע, האָרעווען לאַנג, זייער לאַנג,
ביז זינגערס וועלן זאָגן,
אַז דו ביסט „אַ דראַנג" . . .

---

* „יונה דער קרומער", דער באַוואוסטער „רבי פון חזנים" אין קעשענעוו.

# ר׳ משהלע דיין

. . . זלמן דער פרעסער מיטן גאונישן שטערן
פלעגט צו ר׳ משהלען קומען כמעט יעדן טאָג.
אין אַ זומער פאַרנאַכט — „ויבאו עמלק!״
ר׳ משהלע טוט אים פאַניבראַט אַ זאָג:
— ס׳קאַצל קומט, זלמן!
האָסט אין דיין מויל ניט געהאַט . . .
כאַפּ אַ זיץ; כאַפּ אַ דעך, רו אָפּעט אַ ביסל
די רביצין וועט געבן דיר
„כשרע״,
הייסע
קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ אַ פולינקע שיסל . . .
— — — — — — — — — — — —
— „קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ״! —
מאַכט ער אַ זויערע מינע, —
דערלאַנגט, און גיט אַ קאָפּ גענדזענע שמאַלץ . . .
— גענדזענע שמאַלץ איז נאָר כשר לפסח! —
פסקנט ר׳ משהלע:
וועסט פרעסן מיט זאַלץ!
גיט אים רבקה קאַרטאָפל אין מונדירן אַ שיסל.
ער פינטלט,
ער קווענקלט,
ער זאָגט זיך ניט אָפּ,
און שלינגט ווי אַ גיבור!
צום סוף טוט אַ זאָג
ר׳ משהלע:
— אוי, כ׳האָב פאַרגעסן — ס׳ארויס פונעם קאָפּ:
עס פריילעכער, זלמן, מ׳דאַרף דאַווענען מנחה;
וועסט גיין צו אַ לייטישער חופּה מיט מיר . . .
און זיין וועט „אַ וועטשערע״,
ווי ביי שלמה המלך —
עס גיט אויס די מיזינקע אַ גרויסער גביר! . . .
— — — — — — — — — — — —

— אַ חופּה,

אַ וועטשערע! —

האָט ווי אַ בופלאָקס געשריען

זלמן דער פּרעסער, צעמישט און פאַרפינצטערט, —

און דערווייל ט'איר מיר דעם בויך אָנגעשטאָפּט, —

און מיט כשרע רבנישע בולבעס געפיטערט —

טוט עס אַ רב?!

דאָס טוט אַ גזלן אין וואַלד!

ר' משהלע לאַכט.

— מאַך עס גיך; זיך ניט קאָך!!

עס זעצט זיך די זון —

מ'דאַרף גיין צו דער חופּה.

אַ „דין תורה" מיט מיר

ווּעסטו האָבן דערנאָך . . .

## אַזאַ יאָר אויף זיין טאַטן

. . . אויך משהלע שטיינבערג ז'געווען אַ זון אַ באַגאַבטער

פונעם בעסאַראַבער קאַנט דעם געבענטשטן, דעם זאַטן;

— ווי האָט משהלע געדאַוונט? —

פרעגט מעןביים פאָטער,

און ער ענטפערט קונציק:

— אַזאַ יאָר אויף זיין טאַטן! . . .

## די אלול-יידן

— קומט אלול איז מיין טאַטע, דער רב, גאָר ניט פויל:

אַ גמרא, אַ רמב"ם, פון תהילים „אַ יום"...

— אויך ביי מיינעם — קומט אלול —

טוט ניט רוען זיין מויל:

אַ ווייַנטרויב, אַנ'עפּל, אַ פערעשקע, אַ פלוים...

## גיי און זאָג אַ אַריוועך שלום־עליכם . . .

(בעסאַראַבער פאָלקלאָר)

. . . פאַרוואָס מ׳זאָגט
„אַריוועך משוגעים" —
ווייס איך ניט! דאָס גייט און פרעגט ביי די קלוגע.
נאָר זאָג אַנ׳אַריוועך
„שלום־עליכם",
ענטפערט ער גלייך:
— ביסט אַליין משוגע . . .

## שלמה בערליאַנד — דאָס ענגלישע פערד...

— פאַרוואָס רופט איר מיך, לצים,
דאָס ענגלישע פערד —
צי ווייס איך פון ענגלאַנד אַפילו עפּעס צו זאָגן ?!
פרעגט דער ציוניסטן־באָס בערליאַנד.
— זאָגט, ר׳ שלמה, אַ דאַנק,
וואָס ר׳זייט ניט אַריין אינעם צעטל
פון די ענגלישע דאָגן...

## יושר איז יושר און געשעפט איז געשעפט...

— דו האַלסט ביי באַנקראָט,
און נעמסט יתומישע נדנס —
וואו איז יושר?
און צי ווייסטו וואָס אַזאַ שווינדל באַטרעפט! —
שרייט צו לייבעלע גליקמאַן
זיין ווייב.
און ער ענטפערט:
— יושר איז יושר,
און געשעפט — איז געשעפט!...

## קוים וואָס זי לעבט, נאָר גיב איר דעם גרעסערן . . .

— עס, מאַמינקע, אַ קוילעטשל נאָר וואָס פון אויוון!
— איַי, קוים וואָס איך לעב, — איך בין, קינד, ניט קיין עסערן . . .
זי גיט איר אַ קוילעטשל; די אַלטינקע וואָרטשעט:
— אויך מיר אַ קוילעטשל! —
גיב מיר דעם גרעסערן . . .

## ניט ביי מאַטיען . . .

. . . „דעם תצא רוחו", טאַטינקע
וואָס איטשע מילגער באַמקעט,
ווייסט מען;
נאָר קיינער רייצט אים ניט,
ווי דער בערנטרייבער שליאַמקע!
שליאַמקע איז אַ גאַסן־שוסטער,
און פגרט נאָך אַ גראַשן;
קריכט יעדן אין דער לעבער גלייך
מיט זיין מיאוסן לשון.
אַט קרימט ער זיך ר' איטשען נאָך —
תצא רוחו מיטן קוועטש;
ר' איטשע ז'פון די כּלים שוין,
און טרעפט אים אַ פּאָר פּעטש . . .
— — — — — — — — — — —
גייט דאָס שטעטל כאַדאַראַם:
שלאָגן אַ ייד אָן מורא!
שליאַמקע רופט ר' איטשעלען
צום רב
אויף אַ דין־תורה . . .

געפינען זיך שדכנימלעך:
אַ דין־תורה — צו וואָס? מיט וועמען?
און מ'האָט קוים געפועלט ביי שליאַמקען
ר'זאָל אַ פּאָר קאַרבן נעמען . . .
— איך דאַרף קיין געלט ניט! — בלאָזט ער זיך,
און פגרט נאָך אַ גראַשן . . .
ער נעמט —
ס'איז גראַדע פּסח־צייט:
עס לעבט אויף ווינכע־דוואָשע . . .
— — — — — — — — — — —
וואו קריגט מען, קלערט ער שבועות־צייט,
אַ פּאָר קלעפּ פון אַ גביר —
ס'אַ געשעפט!
ער שטייט צו ר' מאַטיען צו
ווי צום אונטן אַ געשוויר . . .
— זוכסט, שליאַמקע, קלעפּ, —
זאָגט מאַטיע אים, —
זע, האָב ניט קיין חרטה:
קלעפּ וועל איך דיר ניט זשאַלעווען,
נאָר קלינגערס —
ניט ביי מאַטיען!

## דער מקח טעות...

זונדל דער לאַפּאַטניק

האָט צוריק מיט דריי יאָר

גענומען אַ יידענע און חופּה געהאַט ווידער:

— די געשעפטן זיינען קויטיקע;

נאָר אָן אַ שטיקל יידענע

איז אַלץ האַרע־קאַרע,

איז אַלץ קידער־ווידער...

נאָר זונדל האָט טענות

צום שדכן ר׳ אביגדור:

— ר׳ אביגדור, ס׳איז טאָקע

אַ מקח טעות געווען:

כ׳האָב געמיינט אַ שטיקל יידענע

אויף אויפקאָכן אַ צימעס;

און זי קינדלט און קינדלט — פרעג צו וואָס, פרעג צו ווען...

## במקום שוסטער

. . . יאָנטל דער לאַפּאַטניק —

אַ שוסטערל אַ קאַליקע —

האָט טענות צום שמש:

— דו דרייקאָפּ, דו פוסטער!

יעדן רופסטו אויף במקום —

במקום כוהן, במקום לוי,

מיך — איינמאָל ניין! און כ׳בין אַ ייד אַ באַוואוסטער!...

— עס וועט רעכט זיין, ר׳ יאָנטל!

עס קומט שבת:

— יעמוד

ר׳ יום טוב בר׳ זרח

במקום שוסטער...

## דער וויכּוח

. . . קומט אָן אַ באַפעל: „דער כאַכאַם דער קאַראַימער
פאַרלאַנגט אַ וויכּוח; שיקט וועמען!" . . .
אַ באַפעל פון גובערנאַטאָר — מ׳מוז שיקן „אַ קענער", —
אוי, מ׳מוז
אָבער ווו זאָל מען נעמען?!
אַ שטאָט מיט למדנים מיט „קאַרפּענע קעפּ",
און צי קען ווער אויף רוסיש וואָס זאָגן —
הוץ דעם אַפּטייקער,
נאָר יענץ איז אַ פערד —
כאַטש נעם און שפּאַן אים אין וואָגן . . .
— אַ געוואַלד, אַ יללה!
און דאָ קומט בערל אייזיק —
„אַ פאַלגע" פון שניידערשן צעך,
מיט זיין ציגענעם בערדל, מיט זיין שעלמישן אייגל
און טענהט:
— ראַבויסים, שיקט „מעך!"
„עך" האָב חומש געלערנט, און רוסיש — „ביי פּאַניען",
ט׳קיין מורא: עך ביז „שער און אייזן!" —

יאָ אייזן, ניט אייזן — ווי שיקט מען אַ שניידער!
וואָס ווייס ער, וואָס קאָן ער באַווייזן?! . . .
„נאָר במקום שאין איש, גייט אַ שניידער צום טיש" —
און אַוועק צו „די גרויסע לייט" טענהן:
דערווייזן דעם פּריץ, דעם קאַראַים און דעם גלח
„די אמתע יידן" ווער זיינען . . .

קנאָקט דער ערשטער דער שניידער:
— „גאָספּאָדאַ", עך בין „חייט", —
ביי אונדז קומען אויך שניידערס צום וואָרט . . .
אַ „כאַכאַם" איז מיין קעגנער:
נאָר שטאַמען גאָר שטאַמט ער —
אוי־ווויי פון אַ נידעריקן אָרט! . . .

אַ געשיכטלעכער פאַקט: אַ קאַראַים פון די ערשטע
ט'מען געפּאַקט מיט אַ גנבה גאַנץ אָפן!
און גראַדע „ביים דאַרנבוש", וואו משה רבנו
ט'אין דער מדבר מיט גאָט זיך געטראָפן:
„וואַרף אָפּ דיינע שיך!" — האָט משה דערהערט —
אַ פּאָר שיכעלעך פון „פאַראַאָנס מאַגאַזינען"! —
בקיצור: ער האָט אָפּגערעדט און ראַפּטאָם צוריק —
אויס שיכעלעך —

נ י ט אַ !

א ו י ס ג ע ר י נ ע ן . . .

— — — — — — — — — — — — —

און „דער מדרש דערציילט", אַז אַ פּאַסטעכל פרעגט אים:
— וואָס זוכסטו, וואָס ביסטו צעטראָגן?
— מיינע שיך!

— דיינע שיך האָט אָקאָרשט פון דאַנען
אַ ייד — אַ קאַראַים אוועקגעטראָגן . . .

— — — — — — — — — — — — —

— ס'אַ ליגן! — שרייט יענער, — אין די צייטן פון משהן
זיינען „קאַראַימער" אויף דער וועלט ניט געקומען! . . .
— טאָ ווער זייט איר? וואָס ווילט איר?! —
זאָגט „דער פאַלגע" און שמייכלט, —
און פונוואַנען האָט איר זיך גענומען?! . . .

## די שאלה...

. . . — און אַז מ׳האָט זיך שבת צעשניטן — מ׳מוז באַנדאַזשירן —
און מ׳לויפט צו דיר פרעגן אַשטייגער ? . . .
— מ׳דאַרף „אַ קלער טאָן״ . . .
— נו, קלער ! — זאָגט דער רב, — אַדרבא !
און קוקט אויף זיין זילבערנעם זייגער . . .

„שוין אַ שעה מיט אַ שמיץ״, יונגערמאַן, ווי „דו קלערסט״ ;
און צי איז עס דען אַלעמאָל גוט :
פאַראַן „ביטערע שאלות״
וואָס טאָרן ניט וואַרטן !
פאַראַן שאלות וואָס ס׳רינט פון זיי בלוט ! . . .

## „זאָגט אויך״...

. . . — וואָס זוכט איר „טאַבלעטן״, רעב אייזיק, מיט גראַוז,
אַז איר דאַרפט עס אויף אַ גוטער כפרה ! —
זאָגט „דער ווייבערשער דאָקטאָר״, —
איר זייט דאָך אַ ייד
פון זיבעציק יאָר, קיין עין־הרע ! . . .
— און זיבעציק איז וואָס ? אָט דער אַלטינקער בערע —
שוין אַ „זקן״ אין די ניינציקער יאָרן !
און „זאָגט״ אַלעמאָל יעדן — „ער איז ביי די כוחות,
און אַ מאַנספאַרשוין אַזאַ, וואָס קאַטאַרי״ . . .
— דער אַלטינקער בערע זאָגט אַלעמאָל יעדן —
ר׳איז אַ „מאַנספאַרשוין״ אַזאַ, וואָס ביים כוח —
טשיקאַווע !
און פאָלגט מיך, מיין ליבער רעב אייזיק,
פאָלגט מיך, רעב אייזיק —
זאָגט אויך ! . . .

## אַ מעשה שהיה . . .

. . . ווען משה האָט מיט ווייטיק די לוחות צעבראָכן, —
זיי זיינען געווען פונעם פיינסטן יאַשמיט, —
האָבן פּעקלעך מיט עולם נאָך די די שטיינדלעך די איידעלע
זיך מיט אימפּעט געגעבן אַ שיט . . .
— תרבות, קבצנים! — שרייען „די יידן פון מזרח״ —
האָדיע אייך קריכן פאַראויס!
אַהין און אַהער —
און „די יידן די שיינע״
האָבן פאַרקוועטשט אַלע שטיקער די גרויסע . . .
אויף דער שטיק שטייט „תחמוד״,
אויף יענעם — גאָר „תגנוב״,
און ווייטער כסדר אַזוי:
דער פּלעבס האָט געקליבן די ברעקלעך די דראָבנע
מיטן הארבן פאַרבאָט — מיטן „לאָ!״...

זייט דעם איז דעם עמך אַלץ פאַרווערט און פאַרבאָטן,
און ער קריכט פון דער נויט ניט אַרויס;
דערפאַר איז „תחמוד״ און „תגנוב״ און נאָך „מעלות״ אַזוינע
פאַרבליבן
ביי די „פיינע״
און „גרויסע״ . . .

## דער גלח שטעלט פראַגן . . .

אין וואַגאָן, זייט ביי זייט — מ׳פאָרט אַווייטן מהלך —
זיצן געמיטלעך אַ רב מיט אַ גלח.
מ׳ווערט „גוטע ברידער״; עס פאַרפירט זיך אַ שמועס;
דער גלח שטעלט פראַגן —
ווייזט „למדות״, בקיאות:
— זאָגט מיר, קאָלעגע, וואו איז די מיט פון דער וועלט? —
האָט די פראַגע די ערשטע דער גלח געשטעלט.
— פונעם פלאַץ וואו איר זיצט — אָט־אַ־דאָ קעגנאיבער —
אויב איר גלויבט מיר ניט, פאַטערל,
נעמט און מעסט איבער . . .
— „לי הכסף״ — כ׳בין רייך! — זאָגט אייער גאָט, אייער שפּייזער,
און זעט וויפל יידן גייען אום איבער די הייזער! . . .
— אייער גאָט האָט „געמעסט״ — איר האָט אַ ירושה אַ גוטע!
אונדזערער לעבט —
מיר האָבן ניט געירשנט אַ פּרוטה . . .
— און אַז משה האָט „אַ שמיץ געטאָן״ דעם שטיין מיט דער האַנט,
איז קומט אים דערפאַר ניט אַריינגיין אין לאַנד?!
— ניט דאָס איז דער עיקר:
ר׳איז ניט אַריין קיין ישראל,
ווייל זיין שווער
איז געווען
אַ גלח אַמאָל . . .

## דער חזן

. . . און ר׳האָט געמאַכט אַ באַשעפעניש מיט אַנ׳עק, מיט אַ גריווע
און געזאָגט:
— דיין נאָמען איז „פערד״;
די בייטש וועט דיך שמייסן, וועסט שלעפן, זיך רייסן,
און צוואַנציק יאָר לעבן אויף דר׳ערד . . .
— אך, אַ פינצטערע דאָליע! געוונג וועט זיין צען!
— זאָל זיין צען,
און זיי מיר געזונט!

און ר׳האָט באַשאַפן אַ חיהלע אַ לויפיקס, אַ זשוואָווע:
— זיי וויסן, דו ביסט „דער הונט״.
וועסט בילן ביי טאָג, אַלע נעכט דורכאויס;
און הריזען אַ ביין,
און כאַליען אין דרויסן —
און אַזוי — צוואַנציק יאָר . . .
— אך, צופיל!
גענוג וועט זיין צען יאָר צו בילן . . .

און גאָט האָט געפורעמט דעם מענטש און די חיות,
און צום סוף־עט — אַ מענטשעלע — אַ חידוש!
— דו ביסט „דער חזן״: וועסט זינגען נאָר שבת,
זיין גלאַוונער מחותן אויף קידוש . . .
און שפּאַצירן אין צילינדער, און פויגל־מילך עסן
און לעבן זיך טאַקע
ווי גאָט אין אָדעס!

— און וויפל ? —
טוט דער חזן אַ קלער.
— פופציק יאָר און ניט מער !!
— אַך ווייניק !
נאָך צוואַנציק כאָטש שענק ! . . .
— נאָך צוואַנציק — כ׳וועל מיך באַדענקען :
פאַראַן דאָרט אַ צענדליק פונעם פערד מיטן עק,
און דעם הונטס . . .
גיב איך אויך דיר אַוועק . . .
— — — — — — — — — — — — —

דערפאַר זינגט „דער חזן״ ביז פופציק געשמאַק
און שאַפט פאַרגעניגן דעם קהל ;
נאָכדעם „פערדלט ער אונטער״,
און פון זעכציק און ווייטער
קלאָגט ער גאָר, ווי אַ הינטל צומאָל . . .

## ניסי בעלזער

(לויט די זכרונות פון פיניע מינקאָווסקי)

— און וואָס קאָסט דיך, ניסי, עט־אײנגאָנצן דער כאָר ?
— צוויי טויזנט קאַרבן אַ יאָר !
— ס׳איז געלט ! — זאָגט דער טאַלנער ;
און זאָלסט זיין ניט קיין שלעכטער,
וואָלסט נעמען אויך „אַ חזן״ אַ רעכטן . . .

## לעבן וועט ער לעבן, נאָר זינגען — אַ מכה!

. . . און „דער בלאָפּער" מיטן רופא האָבן גלייך בלאָט געשלאָגן—
שוין פאַרקויפט די בילעטן;
שוין „די קלינגערס" געקראָגן;
אין שול ז'פול — קאָפּ אויף קאָפּ! סכנת נפשות!
און דער חזן
איז נעבעך
געפאַלן חלשות . . .
— — — — — — — — —
— אוי, ראַטעוועט דעם חזן! —
דער רופא איז שוין דאָרט.
ער רייבט אים, ער קנייפּט אים — ער דערמונטערט אים פּאָרט . .
— זייט רואיק! — שרייט דער רופא, און קרעכצט אונטער טאַקע:
— לעבן וועט ער לעבן,
נאָר זינגען — אַ מכה!

## אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט

עֲנֵה כְסִיל כְּאִוַּלְתּוֹ.
משלי כ"ו, ה׳

„דער שמייסער" זיצט שטייף
ווי אַ גראַף אויף דער קעלניע
און קנאַקט אַ קדושה נאָר יענע!
זאָגט גרונם:
— ביים עמוד
ציסטו שווער די עצמות;
פאַר די סוסים ביסטו אַ חזן־אַ־קענער...
— דאָ זיינען די סוסים,
רעב גרונם פון פאָרנט —
גיב איך מיר מיט חזנות אַן עצה;
ביים עמוד, — זאָגט קאָפּל, —
גייט ס'חזנות קאַפּויר,
ווייל „די סוסים"
זיינען אונטער מיין פּלייצע . . .

# דאָס ווילנער באַלעבעסל

דאָס ווילנער באַלעבעסל,
מאַניושקאָ סטאַניסלאַוו —
פונעם גלות דער „פרעגיש״, פון דער מאַזורקאַ די פּראַכט,
זיי האָט צונויפגעפירט
ווי צוויי הערצער פאַרליבטע,
דער גאָט פון נגינה, די לאַנג־טיפע נאַכט . . .

עס זינגט יואל דוד
סטאַניסלאַווס „וואָקאַליזן״, —
אים באַפאַלט ווי אַ גזלן דער „פאַרכטצומער״ שווער:
— מאַך אַ סוף, יואל דוד,
צו די טריפהנע לידלעך!
אַניט רוף איך דעם רב, די גבאים אַהער! . . .
דער שווער און דער רב
האָבן וואַך־איין און וואַך־אויס
פּעך און שוועבל געשאָטן אויפן חזנדל דעם ליבן;
ער מוז לויפן קיין ווארשע
פונעם ווייב, פונעם קינד,
און ווארשע האָט אים אי געקרוינט, אי געטריבן . . .
ער זינגט „ווי אַ גאָט״
מיט דער שיינער עליזאַ;
ער ווערט יינגליש פאַרליבט;
מ׳דערמאָנט אים מיט האַס:
— ביסט אַ ייד, טאָ ניט קריך
אינעם „פוילישן גאָרטן!״
גיי און זינג פאַר די שלעפּערס! גיי זינג אויף דער גאַס! . . .

## משיחס צייטן . . .

— וואָס וועט זיין מיט אונדז, רבי,
אַז דער „אז ירננו״ וועט קומען
און „אַלע העלצער וועלן זינגען ? !״
— און איך האַלט,
אַז ס׳איז משיחס צייטן שוין,
און דערפאַר זינגען ביים עמוד
זייַט אַ צייַט פּראָסטע „קלעצער״ פון וואַלד . . .

## אַ גוט שבת אייך, חזן, און נאָט אייך דעם שליסל...

. . . די באַלעבאַטימלעך — צעלאָפן ;
דער חזן ציט די עצמות
מיט די „מתים במאמרו״ ;
איז זיך מיישב ר׳ ניסל —
ר׳איז אַ שמש־אַ חכם ! —
און גייט צו צום חזן :
— אַ גוט שבת אייך, חזן !
און נאָט אייך דעם שליסל...

## ווען דאַנקט מען אַ דראָנג...

— אַ דאַנק אייך, חזן,
פאַרן „עזרת אבותינו !״
— כ׳האָב דאָך „עזרת״ ניט געזאָגט —
איר זייט ניט ביי די געדאַנקען...
— אָט טאַקע דערפאַר,
ווייל איר האָט ניט געזאָגט —
דערפאַר און דערימעך טוען מיר דאַנקען !...

## צום קול — ממון...

— גאַנץ רעכט, — זאָגט דער גבאי, — אייער קול איז אַ קול!
אייער געזאַנג — זאָגט דאָס שטעטל —
האָט אַ גאַנץ שיינעם נאָמען;
נאָר איר מאָנט אַ סך געלט...
— דאָס פאָדערט דער מחזור:
פאַרגעסט ניט, חזנימלעך,
אַז צום קול — ממון...

## חזנים זיינען נאַראָנים...

(קעשענעווער כראָניק)

... „מי לנו גדול!" — כ'זאָג דעם נאָמען ניט אויס —
אַז ר'איז געוואָרן דער חזן
פון דער העקער־שול דער גרויסער!
שפּאַצירט ער, דער בחור;
טרעפט זיך וואו אַ געשלעג,
און יאָקל בן פלעקל גייט צו, טוט אַ פרעג:
— זאָגט מיר, וואָס איז דאָרט?
זאָגט ער אסור ניט אויס:
— כ'ווייס ניט!
כ'בין חזן פון דער העקער־שול דער גרויסער —
דערקלערט ער דעם יידן מיט אַ גליקלעכן פּנים;
און חזנים — זאָגט דאָס יידל —
זיינען גרויסע נאַראָנים...

## אויף אַ בעסערן אָרט . . .

. . . פישל דער רופא —
ווייסן ווייסט ער אַ קרענק!
און לאַטכענט פאַר אַלץ:
פאַר דעם טיש,
פאַר די בענק,
פאַר די באַנקעס און סקלאַנקעס,
פאַרן שמירעכץ, וואָס ער גיט
צו אַלע צען מכּות . . .
אָט קומט צו אים אַ ייד:
— פישעלע־סערדצע,
ביי מיר ז'אַ געשוויר אויף דער דיך —
ראַטעוועט, העלפט:
ניט איך גיי, נאָר איך קריך . . .
— אויף דער דיך, איַי, איַי־איַי!
סאַראַ ביטערער אָרט!
אָט נאַ דיר אַ שמירעכץ
פונעם בעסערן סאָרט.
פונעם בעסערן סאָרט.
צאָל אָפּעט און גיי
און נאָכט אויף נאָכט שמיר . . .
— — — — — — — — — —
אין אַ וואָך — ויבוא:
— וואָס טוט זיך ביי דיר?
— מיט דער דיך איז נישקשה —
מיין געשוויר האָט זיך איצט
אוי, פישעלע־סערדצע,
„אויפן אונטן" געזעצט . . .
— — — — — — — — — —

— ניט געדאגהט, מיין פריינט —
וואָס דאָ איז ניט דאָרט:
דיין געשוויר זיצט שוין איצט
אויף אַ בעסערן אָרט . . .
— און דער אָרט גאָר דער בעסטער, —
זאָגט דער חולה אים גלייך, —
וואָלט געווען — ער זאָל זיך זעצן,
ר׳ פישעלע,
ביי אייך . . .

## ער האָט געשוויצט פאַרן טויט . . .

— אויס, פאַני דאָקטאָר,
ניטאָ מער דער טאַטע! . . .
— געשטאָרבן — ס׳אַ קלאַפּ! נאָר זייט מענטשן, האָט מוט!
. . . געשטאָרבן; נאָר זאָגט מיר —
ר׳האָט געשוויצט פאַרן טויט?
— יאָ, ער האָט געשוויצט.
— „געשוויצט“ — דאָס איז גוט! . .

## די רפואה נאָך דער קעשענע...

— הערט מיך אויס, — זאָגט דער דאָקטאָר
צו אַ רייכן פאַציענט, —
עסט פרוכטן, מיין פריינט,
עסט וויפל איר קענט!
צו אַ פאַציענט אַ געמיינעם
טוט ער אַ זאָג און אַ לאַך:
— עסט, ברודערקע,
קרויט —
קרויט נוצט אַ סך...

## יהודה ליב גאָרדאָן וועגן די קלוגע דאָקטוירים

(אַ שיר פון גאָרדאָן מיט אַ יידישן „בקיצור״)

— מיר היילן דאָך די וועלט!
טאָ פאַרוואָס, גרויסער גאָט,
איז אין הייליקן תנ״ך פון אונדז גאָרנישט געשריבן?!
— איר זייט רופאים, וועל איך אָנרופן
אַלע מתים „רפאים״ —
ווייל ניט ווייניק פון זיי
ט'יר אין דער אדמה פאַרטריבן...

## אויב אַזוי, איז דאָך גלייכער...

(נאָכדערציילט פון הרב יצחק העכטמאַן)

אַז דער דאָקטאָר קערט ווענדן, מאַכט אַ גוואַלד, אַ בהלה;
אַז דאָס ווייבל פאַרשיט אים מיט גוטע קללות,
ט'ער געוואָרפן דאָס גלעזל, אויף זיך גענומען דעם גזר,
און גענומען שוואַך עסן,
און אָנגעהויבן דאַרן.
רופט דאָס ווייבל דעם דאָקטאָר: מ'דאַרף אַ דריי טאָן צוריק...
— וואָס איז דאָס, — זאָגט דער דאָקטאָר, — פאַר אַ גאַנג, פאַר אַ שטיק —
אָדער גאָר, אָדער גאָרניט! מ'דאַרף פאַרזוכן אַ קאָפּ ווייַן...
— כ'האָב געוואָרפן — איז אויס!
און זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין.
„עס וועט זיין״, — זאָגט דער דאָקטאָר, — כ'וועל אַ רוף טאָן פון מאַרק
דריי טרעגערלעך־יאַטן געזונטע און שטאַרקע —
צוויי וועלן אייך האַלטן וואוילייגגליש און פיין,
דער דריטער
וועט גיסן
דאָס גלעזעלע ווייַן...
— אויב אַזוי, פאַני דאָקטאָר, — אַז ס'האַלט שוין דערביי,
אַז מ'מוז טאַקע רופן אָט די חברהלייט דריי;
אויב אַזוי איז דאָך גלייכער, — זאָגט געלאַסן ר' ניסן, —
אַז איינער זאָל האַלטן
און צוויי זאָלן גיסן...

## ביטחון

. . . — ווי טוסטו דאָס „אומגליק", און זאָגסט צו דעם פריץ
„אויסלערנען עברי" דעם הונט ?! —
שרייט די מלמד׳קע.
באַרויִק זיך, — זאָגט ער, —
קאָך וועטשערע, „היט דעם געזונט!"
גאָט איז אַ פאָטער; פינף יאָר איז אַ צייט;
„אַ פופציקער" איז ניט גלאַט אַ קאָרב.
ביז סוף „פיאַטילעטקע" —
צי דער הונט, צי דער פריץ —
איינער „וועט מאַכן אַ שטאַרב!" . . .

## אַ קוש טאָן דעם קאַנטשיק...

— און אַז דער רבי ט׳געשמיסן — אַ רבי איז אַ רבי!
מאַך ווייניקער קולות; הער אויפעט, אַראָנטשיק!
— „ער סמייַסט זאָל ער סמייַסן" — כאַפּט אים די ניכפּע!
נאָר פאַרוואָס הייסט ער נאָכדעם
אַ קוש טאָן דעם קאַנטשיק ?! . . .

## אַ מלמד טאָר ניט עסן קיין סמעטענע...

(חכמי גלופּסק)

— פאַרוואָס טאָר דער מלמד ניט עסן קיין סמעטענע? —
זאָג חאַטשע, איך האָב עס פאַרגעסן!
— סמעטענע — צו וואָס:
אַ מלמד „איז ניט קראַנק"
פּשוטע זויערמילך פרעסן! . . .

## זיבן אינדיקעס געהאַנדלט
## און קיין איינער איז ניטאָ...

(לויש יאַן פּריאַנגאַ)

— נעם, שלימזל, דעם שכר־לימוד —
געגנוג געקראַצט די ווילדע האָר!
ס'איז ערב פסח — לייט פּאַרדינען!
קויף כאָטש אינדיקעס אַ פּאָר . . .
לויפט רב לעמל דער מלמד
אין מאַרק אויף גיך;
און ווי באַשטעלט —
אַ ציגיינער מיט אַ וואונדער־אינדיק!
ער קויפט אים אָפּ אין גלייכן געלט,

און — גלייך אַ היים;
און אויפן בוידעם
אַ וואָרף אים טוט עס פעסט און שטאַרק —
דער ציגיינער — נאָך:
אַ שפּרונג, אַ גנבע!
און „דץ הסוחר" — צוריק אין מאַרק . . .

קויפט רב לעמל ביים ציגיינער
זיבן אינדיקעס ווי די בערן!
ער קריכט אַרויף זיי צו באַקוקן,
און קריכט אַראָפּ
אין סאַמע טרערן . . .
זינגען שטיפערלעך אין חדר
חברה־לצים דאָרט און דאָ.

„זיבן אינדיקעס געהאַנדלט,
און קיין איינער איז ניטאָ" . . .

# דעם רבינס אַלף־בית

אך
בטלנים,
גנבים,
דערגאַטשעס,
הינט
וואָס
זייט איר:
חזרים,
טרייפניאַקעס,
יונגאַטשעס!
כלומפּרשט
לערנען

מיינט איר —
נאָר
ספרים
עפּענען!
פּאַפּיראָסן,
ציגאַרן
קענט איר
רייכערן!
שיינע
תלמידים . . .

# די קעלבערנע מגידים

(ישיבה־פאָלקלאָר)

— זאָג מיר, מנשה,
עס שטייט וואו געשריבן:
אַז מ׳זאָגט נאָך אַ גדול אַ געהויבענעם וואָרט,
ריידן „זיינע לעפּצן״
אינעם פינצטערן קבר —
כ׳בין אַ בעלן צו וויסן,
וואָס ריידן זיי דאָרט...
— אָט אַ מגידל ווי דו —
ער נעמט אַ גאונס אַ וואָרט
און „טייטשט״ ווי אים פּאַסט,
ווי „דאָס חשבונדל״ טראָגט;
זאָגט דער גאון אין קבר:
— אַז ער זאָל אַזוי עסן,
אָט דער „קעלבערנער מגיד״, ווי איך האָב עס געזאָגט...

## אַלע צעשטאָרבן . . .

— „ותמת" — איז געשטאָרבן, — שטאַמלט בערעלע דעם פּאַרבערס,
„שׂרה" — און שׂרה,
„בקרית ארבע" —
און קרית אַרבע . . .
דער רבי וויל פּאַרריכטן; דער גביר האַלט אים אָפּ;
ער שמייכלט; ר'טוט בערעלען אַ גלעט איבערן קאָפּ:
— נעבעך, „אַלע צעשטאָרבן" — קומט אויס לויט דיין פּשט!
— „אַלע צעשטאָרבן!" —
ענטפערט בערעלע גלאַט . . .

## אַ קניפּ אין בעקל און פּטור פון „רבי-געלט"...

. . . שוין אַ חודש ווי בערעלע זאָגט דאָרט עין-יעקוב —
אים האָט צוגעזאָגט באַלוינען
דער גבאַי ר' יעקל —
און ניט פון אָרט!
דערפאַר לויבט ער דאָס לערנען
און גיט בערעלען אַלע מאָל
אַ קניפּ גוט אין בעקל:
— מאַלאַדיעץ! אויסגעצייכנט!
האָט בערעלע וווילייגגליש
דעם תקיף ר' יעקל אין שול איין מאָל אָפּגעשטעלט:
— שׂכר-לימוד זאָל ווערן! — איר זאָלט גאָר ניט טראַכטן,
אַז אַ קניפּ אין בעקל —
און פּטור פון רבי-געלט!

## „לאָ" מיט אַנ'אַלעף און „לו" מיט אַ פּלאָקן...

— אַז מ'וויל זאָגן ניין — עס זאָל זיין שאַרף ווי אַ חלף,
זאָגט מען געוויינלעך:
„לא מיט אַנ'אַלעף!"
און „לו" צו אים — ר'זאָל אַזש ווערן דערשראָקן?!
— דעמאָלט זאָגט מען:
„לו מיט אַ פּלאָקן"...

## קיין נאַר איז ער אויך ניט

... „מי שיש לו מנה
רוצה מאתים":
— איז דאָך ניט גאָר געפּערלעך...
— פאַרשטייט איר מיך, ר' נח:
ער וויל „די מאתים",
נאָר קיין נאַר איז ער אויך ניט —
און „די מנה" די ערשטע,
די וויל ער דאָך אויך...

## אַ נעמער איז ניט קיין גיבער...

— „הוה עז כנמר" —
פאַרוואָס ניט „גיבור כנמר?" —
פרעגט בערעלע שמערלען.
יענער זאָגט מיט אַ זמר:
— ביי אונדז זאָלסטו וויסן, בערעלע ליבער,
איז אַ כלל,
אַז אַ נעמער איז ניט קיין גיבער...

## ער פֿאַסט ניט צום גדליה איבער דריי טעמים

. . איך פֿאַסט ניט צום גדליה איבער טעמים איבער דריי:
ערשטנס, מיין פֿריינט,
וואָס געווען איז פֿאַרביי!
צווייטנס, ווען דער אומגליק מיט מיר וואָלט געשען,
וואָלט גדליה
נאָך מיר
געפֿאַסט ווען־ניט־ווען?!
און דריטנס —
אַז איך בייס־צו יום־כיפּור צומאָל,
וועל איך ווערן
פֿון גדליהס אַ תּענית נתפּעל...

## ביטערע יידן

. . . כי מרים הם —
ווייל ביטער זיינען זיי —
קנאַקט אברהמל דעם חומש. דער רבי פֿרעגט אים צופֿרידן:
— מיינסט, זונעלע, אַוודאי —
ס'איז געווען ביטער דאָס וואַסער?
— ניט אַזוי, רבי, ס'איז געווען ביטערע יידן...

## גם אתם — פריער ביי אייך...

.. אַנשעלע פון קאַלאַראַש איז אַ קופּץ בעהאָץ:
אַ שמוגלער,
אַ דרייער,
נאַר צום לערנען אַ קלאָץ!
אויף „כי ימצא חלל" — מ'האָט דעם חומש פאַרהערט —
טייטשט אַנשל:
„אַז מ'וועט געפינען
אַ לאָך אין דער ערד"...
— איי, אַ לאָך דיר אין קאָפּ! —
שרייט דער רבי
און גלייך
זאָגט אַנשל:
— „גם אתם" — פריער ביי אייך...

## לא המדרש עיקר... (מסכת לצים)

— און ווי קומט צו פוטיפרע אַ טאָכטער אַ שיינע,
אַז לויטן מדרש
ז'ער געווען גאָר אַנ'עקר אַליין?...
— פוטיפרע, פאַרשטייסטו מיך, — זאָגט יוזעפל שיכור, —
ז'געגאַן מיטן גאַנג
אַז לא המדרש עיקר...

## האַלט דעם פּיסק, ישיבה-קלאָץ...

— „אתם נצבים — ראשיכם, מלכיכם —
פון וואו קומען מלכים אין דער מדבר?...
— עס שטייט דאָך ניט „מלכיכם"!
— האַלט דעם פּיסק!
דרך-ארץ!
דו ישיבה-קלאָץ! — שרייט דער מגיד;
אָט איך וועל אייך זאָגן
גאָר אַ געהויבענעם תירוץ...

## צו מיין שיינעם געזונט . . .

— איר דערציילט, מאַריאַנדל, — איר זייט געוועז און געוועזן:
אַ נייטערקע,
„אַ טוערקע" אינעם צעך „שער און אייזן";
— היינט, אַז דער אַרבעטער קעמפט, דעמאָנסטרירט,
ווילט איר די שייניקע צורה ניט ווייזן!
— כ'בין געוועזן, טאַקע אמת, אַ „בריינדעלע קאָזאַק",
מיט אַ שטעל, מיט אַ צונג, מיט אַ שטייפן געוויסן;
היינט — „קאָם וואָס איך זשאַוועָ",
איז „צו מיין שיינעם געזונט",
פעלט מיר גראָד אויס,
אַז מ'זאָל מיך נאָך שיסן?...

## אַ בריוועלע — ווי מע לייענט

— לייען דורך, אַבראַשע, וואָס שרייבט דער בענאָק, —
זאָגט דער אַלטער בענדיוזשניק אַבראַשען „דעם קענער".
אַבראַשע ז'אַ בלאַטער און אונטערן פלעשל,
און בראָקט שווער די ווערטער ווי דעמבענע שפענער:
„געלאַטכענט", „געטירעט" — אַ וואָרט איבער דריי;
„סטעכעווען אַ וועקסל פאַר די בימבערלעך טאַקע" . . .
„וואָרף אונטער אַ פויגל" . . .
— ער שרייבט ווי אַ שקאָץ:
„אַ פויגל", „ממתקים" — ניין, ברודער: אַ מכה!
דו שרייב ווי אַ מענטש וועסטו עסן אין סוכה! . . .

אויפדערנאַכט, ביי דער טיי, לייענט די שטילינקע ריוועלע
זיסלעך־פאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט,
דעם זיידן, דעם „תקיף" דאָס אייגענע בריוועלע:
„די קעצעלעך געלאַכטענט" ; „מיטן אַדון געטירעט" ;
„דער וועקסל פאַר די בימבערלעך באַטרעפט גאָר אַ סך!"
„שיק, טאַטינקע, אַ פויגל" . . .
— אַ־דאָס איז דיבורים!
כ'האָב ליב, אַז מ'רעדט ווי אַ מענטש צו דער זאַך! . . .

## פישקע ווערט אַ „פּערעוואָדטשיק"...

אַ דייטשל פון אַ קאָלאָניע אינעם קאַנט פון כערסאָן
טוט מען משפּטן —
ער האָט יאַקבי אַ פערדל „געלאַבערט" . . .
דער מיראָוואָי רעדט אויף רוסיש, יענער ציט מיט די אַקסלען:
"Was wollen sie?"
דאָס הייסט: ניט איך ווייס וואָס איר „דאַבערט"!
— דו, פאַרשימלטער דייטש — ס'זאָל אַ רוח אין דיין זיידן! —
שרייט דער מיראָוואָי;
— קען ווער דייטש אַ קאָפּ ריידן?
— איך! — שרייט אויס פישקע, ווי ער שטייט מיט דער בייטש, —
כ'בין אַ ייד — דאָס איז איינס:
וואָס יידיש, וואָס דייטש . . .
און ער נעמט אויפן אָרט דעם דייטש „אויפן דראַנשזיק":
—דער אַדון פרעגט:
האָסט געלאַטכענט דעם סוס? . . .
"Was wollen sie?"
— ס'איז אַ הונט, — שרייט פישקע מיט כעס, —
ער איז אַזוי גוט אַ דייטש, ווי איך בין אַ רוס . . .

## שניידעריי באַשטייט פון דריי טיילן...

— שניידעריי האָט דריי טיילן, — זאָגט דער מייגסטער צום טאַטן;
און דאָס רבי־געלט זאָלסטו סילוקן גלייך אין דריי ראַטן:
דערלערנט אַ טייל —
זיי אַ טאַטע און צייל...
— געמאַכט!
ער הייבט אָן, כאָטש דאָס קעפּל איז שווער...
נאָך אַ וואָך רופט דער פּאַלגע דעם טאַטן אויף דער לער:
— ער יאָכלט אַ טייל —
זיי אַ טאַטע און צייל!
נאָך אַ וואָך — ווידער פּאַרטיק, כאָטש עס קלינגט קרומעוואַטע,
נאָר אַ וואָרט איז אַ וואָרט! און ער צאָלט ווי אַ טאַטע...
אוי, אַ פּלאָג! אוי, אַ גזר:
נאָר די דריטע טייל דערפאַר —
ניט מ׳רופט, ניט מ׳הערט... ר׳נעמט דעם מייגסטער צום סמיק:
— אָדער גאָר, אָדער גאָרניט — וואָס איז דאָס פאַר אַ שטיק?!
— אונדזער פאַך שניידעריי
באַשטייט פון טיילן פון דריי:
מ׳דאַרף קענען ווי אַ שניידער אַ קעלישקל נעמען;
מ׳דאַרף אָפּשטעלן דעם „ייטער" ווי ביי וואָס, ווי ביי וועמען...
און מ׳מוז קענען פאַרשטיין
די מלאכה אַליין...
ער האָט אויסגעלערנט ווי אַ מזמור די ערשטע צוויי זאַכן,
נאָר די מלאכה — אַ מכה:
ר׳קען אַ שטאָך נאָך ניט מאַכן...

## ביז דער רבינו תם וועט זיך אויסקראַצן קומען...

... — איך קאָן אייך די תפילין ניט געבן, ר׳ ייד —
די תפילין זיינען „רבינו תמס״, —
איר פאַרשטייט מיך, צי ניט?
— ביז רבינו תם וועט זיך אויסקראַצן, —
זאָגט דער באַלעגאָלע, —
וועל איך אַ פּאָר טאָן דאָס דאַווענען עטלעכע מאָל...

## יום-כּיפּור וועט ער מער שוין קיין הערינג ניט עסן...

— איך שטאַרב, רבי, אַ טרונק —
כ׳בין אויס מענטש! כ׳פאַל אַוועק!
— באַנעץ דיינע לעפצן אַ האָרעלע, אויפן ברעג...
דער באַלעגאָלע ט׳אויסגעזשליאָקעט אַ פולינקע קוואָרט;
אויפגעהערט צו שטאַרבן,
און געזאָגט אויפן אָרט:
— איך גיב, רבי, אַ נדר, און כ׳וועל ניט פאַרגעסן,
אַז יום-כּיפּור
וועל איך מער שוין קיין הערינג ניט עסן...

## דאָס פערדל האָט אָפּגעטאָן אויף טערקיש...

... געפאַלן דער בולאַנער ביים וואַסערפירער שײַע —
מאַכט ער אַ הספד:
— ס׳אַראַ פערד אַ געטרייער!
שוין צוגעוואוינט אָן האָבער — אַ קויל שטרוי און אַנ׳עק!
טוט ער אָפּ אויף טערקיש
און פגרט אַוועק!...

## אַ דיכטער-אַ קאָוואַל דאַרף „די מוזע״ ניט האָבן...

צו אַן אמתן דיכטער קומט די מוזע אין זיין גאָרטן,
און ער באַקווייטלט מיט געאָרגינען זיין ליד;
דאָס מאָל האָט דיאַנאַ די מוזע געשיקט
אין אַ שטעטל צו אַ יידן — אַ שמיד.
שטייט דער קאָוואַל אין פאַרטעך און צווענגלט און האַמערט
אינעם ביידל דעם רויכיקן און קליינעם;
און ער שמידט אויסגעצייכנט.
בלויע פייערלעך שפריצן —
די אַקס מיטן לידל אינאיינעם...
ווערט די מוזע פאַרשעמט,
ווערט די מוזע נתפּעל
פונעם „דיכטער״ מיטן פּנים דעם גראָבן,
און זאָגט:
— בנאמנות, אַ דיכטער - אַ קאָוואַל
באַדאַרף גאָר די מוזע ניט האָבן...

## דאָס באַלעבייסל...

— בלאָטע־שיך פּאָר שלעפּער —
און אַזאַ גראָבער סטעלעק!
איר פאַרטאַכלעוועט, ממזרים, ס׳קאָפּ לעדער וואָס כ׳האָב! —
אַזוי שרייט דאָס באַלעבייסל;
און די שוסטערלעך זאָגן:
— דער סטעלעק ווי דער סטעלעק, —
דיין בייכל איז צו גראָב...

## אַ שמועס אין וואַגאָן

— מ׳האָט אייך, יידן, ניט ליב, — דאָס איז פּיינלעך! —
זאָגט „דאָס פּאַטערל״ ליבלעך־פאַרשטעלט;
און צוריקגעשמועסט — ווי קאָן מען אייך ליבן,
אַז אייער לעבן איז „געלט״ און רק „געלט״ . . .
נו, שטעלט אייך פאָר:
גאָר דער מלאך גבריאל
שלאָגט אייך פאָר אַ מין אויסוועג אָט היינט:
„געלט״ אָדער „שכל״ —
זאָגט דעם אמת דעם ריינעם:
וואָס וואָלט איר קלייבן, מיין פריינט? . . .

— איך וואָלט ביים מלאך געבעטן דאָס געלט, —
זאָגט דער וואַיאַזשאָר מיט אַ שמייכל . . .
— אָט זעט ווער „איר״ זייט!
און איך, ליבער פריינט,
וואָלט ביים מלאך געבעטן דעם שכל . . .
— פאַרשטענדלעך! — זאָגט דער יידלעק און קוועלט:
אַ מענטש זוכט דאָס,
וואָס אים פעלט . . .

## האָסט אַ טעות, יאַנקל...

נאָכן יאַריד האָבן די הענדלער
אויף די טאָפּטשאַנעס ביי באָבציען,
זיך אויסגעלייגט ווי הערינג געדיכט אויף דער שטרוי.
יאַנקעלע שלאָפט ניט —
ער קראַצט די פּאָטיליצע
און מאַכט זיין באַלאַנס אויף אַ קול אָט אַזוי:
פּאַר די פּאַסטעלעס אַ חמישים;
אַ צענער דעם פּרץ;
ציץ אויף אַ קליידל — דער חשבון קומט אויס.
רופט זיך אָפּעט
יאָקל, זיין שכן:
— יאַנקעלע־יאַנקל, האָסט אַ טעות אַ גרויסן...
ער רעכנט ווידער: עס שטימט!
— וואָס טעות, ווען טעות?! —
זאָגט ער צו יאָקלען מיט אַ ברוגזער טענה.
— האָסט, יאַנקל, אַ טעות:
דו קראַצט די פּאָטיליצע
געשמאַק שוין אַ שעה,
נאָר ניט דיינע, נאָר מיינע...

## הער מיך אויס, גוטער ברודער...

... דער וואַיאַזשאַר שטאַרבט אַ שלאָף טאָן; ער איז מוראַדיק מיד,
און דאָ זיצט אַ פּראַנט מעשׂה גראָף אין דער מיט —
און קענטיק אַנ׳אָדם!
ניט קיין ייד...
מיטאַמאַל
יאָוועט זיך אַ יידלעך און — צום פּראַנט אויף אַ קול:
— ס׳קאַצל קומט, פּיניע! מאין ולאָן?!
כאַפּט אַ שמועס אויף איין פוס און אַרויס פון וואַגאָן...
— — — — — — — — — — —
— הער מיך אויס, גוטער ברודער, —
פּאַלט דער וואַיאַזשאַר אָן אויף פּיניען, —
וואָס ס׳טו זיך באַזעצט אין מיצקע דערינען,
ווי ביי דער שוויגער אין גאָרטן?!
קער אָפּ צום ברעג —
קוים וואָס איך זיץ — איך קום פון אַ וועג!

## מ׳קען אַזוי טאָן אויך...

— בראָשקעלעך, פּאַטשיילקעלעך, מאַניסטעס כלערליי;
האַטשעקלעך און שפּראַנטשיקלעך,
אַ שיטעכץ קעגן פּליי.
— זאָג מיר, ברודער לייבעטשקע, — פרעגט דער לץ אַנטאָן, —
מיטן שיטעכץ מיט דעמדאָזיקן
דערצייל — ווי דאַרף מען טאָן?!
— מ׳דאַרף דעם פּלוי אַ קיצל טאָן,
ווי נאָר ער טוט אַ לאָף, —
אַ שיט געטאָן אין מיילעכל — דאָס איז די גאַנצע זאַך...
— צו וואָס נאָך קיצלען, לייבעטשקע,
אַז די פּלוי ז׳אין האַנט ביי מיר,
קאָן איך אים דאָך מאַכן גלייך דעם אמתן „כאַראַקיר״?!
צינדט אָן דעם ציבעק לייבעטשקע, פאַרגייט זיך מיטן רויך:
— ווי איינער וויל, אַנטאָשינקע, —
מ׳קען אַזוי טאָן אויך...

## „אויך אַ מכה״...

— האָסט, טאַטינקע, אַ טעות אַ פּנים:
אין דער הגדה שטייט „כנים״,
ניט „בנים״ . . .
— גאַנץ מעגלעך: ניטאָ די שפּאַקולן . . .
כ׳האָב, קענטיק, אַ טעות דאָ טאַקע;
נאָר, ניט דאָ געדאַכט,
עס טרעפט גראָד אַז „בנים״
איז אויך „אַ געבראַטענע מכה!״ . . .

## די צוואה

— דו שרייבסט: „מיר זאָלן מאָנען די חובות
ביי זלאַטען, ביי ר׳ יוזעפלס בנים —
גאַנץ גערעכט! —
און ווי עס ווייזט דיין „צוואה״ —
ביזטו קיינעם ניט שולדיק אַפּנים . . .
— „שולדיק — ניט שולדיק״, — איי, נאַראָנימלעך־קינדער:
איך בין קראַנק, און איך וויל ס׳זאָל אייך בלייבן
„אַ קערבל!״
און די וואָס איך קום ז י י —
זאָלן זיי קרענקען און שרייבן . . .

## דער שווער...

(לויט דעם דובנער מגיד)

— פון דעסטוועגן
פאַרוואָס עפּעס „שווער" —
פאַרוואָס ניט פּראָסט-ליבלעך „פאָטער" ? !
— פאַרשטייסטו מיך :
„ס'איז שווער" ביז מ'קריגט אים,
און „ס'איז שווער"
ביז מ'ווערט פון אים פּטור . . .

## די שוויגער . . .

— פון אַ בליץ ווערט באַשאַפן אַ מלאך אַ הייסער, —
זאָגט די שוויגער, ווי כלומרשט אַ ווייסער . . .
— אמת ויציב : פון אַ בליץ ווערט אַ מלאך ! —
שרייט דאָס איידעמל אויס ווי אַ זיגער, —
און פונעם דונער דעם בייזן, —
האָט דער רבי געזאָגט אונדז, —
ווערט
באַשאַפן
אַ שוויגער ! . . .

## זי איז קראַנק אויף אַ ראַק...

— ווי גייטס, אַרקאַשע?
וואָס מאַכט „סאָסל די קווייט״?!
פרעגט אַרקאַדיען אַבראַשינקע זאַק.
— איך — ווי איך,
נאָר מיין „סאָסל די קווייט״
איז נעבעך קראַנק
אויף „אַ ראַק״ . . .
— דיין סאָסל איז, נעבעך,
קראַנק אויף „אַ ראַק״!? —
פרעגט אַבראַשינקע שאַרף.
— יאַ־יאַ, ברודער־לעבן:
אויף אַ „ביטערן ראַק״ —
„ראַק זי וויל״, „ראַק זי מוז״,
„ראַק זי דאַרף!״ . . .

— — — — — — — — — — — — —

## ער העלפט איר קרעכצן...

— ווי קומט מען עס אויף אַרבעט —
ווי קומט מען צוויי טעג
נאָכאַנאַנד, ווען דער זייגער איז „זעכצן״?!
— מיין שוויגער, זאָל לעבן,
איז קראַנק זייער;
און איך
העלף איר צו ביסלעך
קרעכצן . . .

## צוויי טעלעגראַמעס . . .

. . . „זי” איז ווידער אין יאַלטע;
„ער” — אַ גאָלדשמיד אין טאַשקענט;
טעלעגראַפירט זי:
— „שיק שײַבעס!”
כ׳האָב מיך פײַן „צוגעברענט” . . .
— — — — — — — — — — — — —
טעלעגראַפירט ער איר,
דער מאַן — „דער יובעליר”:
— „גאָלדע” איז אויף צרות!
„פּאַרנאַסעוויטש” איז געשטאָרבן . . .
איך אַליין ווער „פאַרשוואַרצט” אויף דער זינדיקער וועלט!
מאַך דאָרט „בקיצור”!
און געדענק, חיה־שׂרה:
אַליין קענסטו „ברענען”,
נאָר ברען ניט דאָס געלט! . . .

## דער חילוק פון שאול המלך ביז אים

בענטשיק ז׳ביים לעבן אַריין אין „גן־עדן”
און געוואָרן מיט מזל
„אַ גבירישער איידעם”:
אַ הויף — אַ מלוכה!
אַ שמאַלץ־גרוב די שטוב!
האָט „די שמאַלץ” אויסגערינען,
איז געבליבן „דער גרוב”,
מיט אַ יחוס־ירושה — זײַן „רייזעלע־גולם” . . .
ווערטלט זיך בענטשיק אין שול פאַרן עולם:
— ס׳אַראַ חילוק אַ גרויסער פון שאול המלך
ביז מיר, דעם שלימזל, מיט מײַן „פלוינעסטע” רייזל:
ער האָט „אייזלען געזוכט”
און „די מלוכה” געפונען;
איך — „די מלוכה”,
און געפונען „אַנ׳אייזל” . . .

## פאַר דער חופה . . .

„ציפּ־צאַפּ העמערל,
קום צו מיר אין קעמערל —
כ׳וועל דיר עפּעס ווייזן:
שיסעלעך פון אייזן,
סידורלעך מיט גרייזן,
ביר אין די קריגעלעך;
קינדער אין די וויגעלעך,
מחותנימלעך — שקרנים!
חתנימלעך — נאַראַנים״ . . .
— — — — — — — —

— איר האָט צוגעזאָגט דעם חתן אַ גאָלדענעם זייגער
און געשאָנקען האָט איר אים
„אַ בימבער פון קופּער״ . . .
— אויף „דין־תורהס״, מחותנתטע, איז דאָ ביי אונדז אַ רבל!
חתן־כלה פּאַסטן —
מ׳דאַרף גיין צו דער חופה! . . .

— איר האָט צוגעזאָגט מאַכן אַ טכוירענעם פוטער
און מיט „לייפּציקער לאַסטיק״ דאָס פוטערל דעקן . . .
— אַך, די „היינטיקע טכוירן״ — צי קען מען זיי כאַפּן!
כאַטש נעם און שיט זיי זאַלץ אויף די עקן . . .

— איר האָט צוגעזאָגט אַ גאַרטן און שטעלט אַרויס „דריי פייַגן״ . . .
איך בין דאָך אַ מאַמע!
— איז ווייסט איר מסתמא,
אַז פון „די גליקן״, וואָס מ׳זאָגט צו ביי יידן דעם חתן
דאַרף מען דריי פּירטל
וואַרפן אין ים . . .

## אויך דו, ברוט?!

. . . דער שדכן ז׳פונעם הויף קוים אַ לעבעדיקער אַרויס —
אים ט׳באַפאַלן אַ הונט
ווי אַנ׳עלפאַנט די גרויס:
אַ ריינער, אַ דיקער מיט אַ הינטישן קאַרק.
דער שדכן גייט ווייטער,
און אויפן ראָג פונעם מאַרק
באַפאַלט אים אַ הינטל, „אַ בינטעלע ביינער״.
און ער שרייט
און ער בילט
און ער טשירעט די ציינער . . .
— אויך דו, ברוט? — זאָגט דער שדכן און ער לאַכט ווי ער קען, —
אויך דו בילסט אויף מענטשן
ניט פאַר וואָס, ניט פאַר וועץ!
יענער בילט כאָטש פאַר געלט —
ר׳האָט אַ מאַלצייט, אַ דירה!
דו פאַר וואָס בילסט —
דו שלימזל, דו — פגירה?! . . .

## מיך קאָסט ער געלט,
## און דער עולם שעפּט נחת . . .

. . . און אַז די לצים האָבן דערטאַפּט,
אַז דאָס איידעמל ז׳אַ לעקיש,
ט׳מען גענומען לצעווען — אחת ואחת . . .
זאָגט פישעלע זיידמאַן
צו זיין שכן אין מזרח:
— מיך קאָסט ער געלט,
און דער עולם שעפּט נחת . . .

## געקושט דעם פּאַראַוואָז...

— ביי דיר זיינען די לעפּצן געשוואָלן...
— קאָן זיין, —
זאָגט אַרקאַדיע, — כ'האָב מיין שוויגער באַגלייט אַרום נײַן —
געקושט...
און דער פראָסט ברענט אַנ'אימה, אַ שרעק!

— אַדאָס הייסט געקושט, — שפּעט לייזערקע אָפּ.
— כ'האָב געקושט —
וואָס פאַרשטייסטו ניט, פערדישער קאָפּ!
דעם פּאַראַוואָז דעם שטאָלענעם, וואָס פירט זי אַוועק...

## איך אַ גוט שבת, איך, מומע, — ניט...

— גוט שבת איך;
אַ גוט שבת!
מיט אַ מעשענעם קעלכל
שרייט די דאָרפישע ציג צו יעדער פרוי
נאָך דער ריי.

מירעלען — דער שוויגער
פלאַמט דאָס פּנים פאַר בושה:
אַזאַ לייטיש געלעכטער, אַז אָך און אַז וויי!
זאָגט איר די שוויגער:
— איינעם זאָגט מען גוט שבת,
דעם אַנדערן — ניט, —
מעשה מענטש, אַן יאַריד!
קלאַפּט זי ווי אַ מזמור
דעם אַנדערן שבת:
— איך אַ גוט שבת,
דעם אַנדערן שבת:
איך, מומע — ניט . .

## דער שידוך ברענט, נאָר מיר ווילן דאָך עסן...

. . . די נגידהס וואַרפט אַנ׳אייגל

— לא מיט אַ ספּאָדעק:

— אונדזער ליזעטשקע וועט ניט גיין צו די שלעפּערלעך, גרישע.

— דער שידוך ברענט! — זאָגט דער מחותן צום שדכן, —

נאָר מיר ווילן דאָך עסן —

הייסט דערלאַנגען צום טיש...

## ער דאַרף מאַכן שטאַרקער...

שכנא דער שדכן

פירט מיט זיך אַ בעל־מגזם:

— אַ סוחר — זאָגט יענער:

אַ שטיק פאַבריקאַנט!

אַמאָל זאָגט שכנא:

— די כלה

הערט שווערלעך אַ קאַפּל;

בעסערט אויף יענער

זי איז טויב ווי די וואַנט!...

## ער האַלט וואָרט...

— איך וועל, רבי, מיין ווייבל
מער ניט שלאָגן, בלי נדר! —
ט׳ער דעם רבין צוגעזאָגט פּאָרט...
נאָך אַ וואָך — די יידענע
שרייט ווידער:
— ס׳איז ביטער...
— וואָס, ר׳האַלט ניט, חס־ושלום, זיין וואָרט?!
— ער האַלט הייליק זיין וואָרט! — שרייט דאָס ווייב
ער שלאָגט ניט, דער מערדער,
ער קנײַפּט...

## דער אַל תירא אַליין האָט קיין ווייב ניט געהאַט...

... זיצן ביי דער מלווה־מלכה משולם און בונים —
דער טיש — שבת־ברעקלעך,
מ׳פאַרבייסט מיט ניגונים:
אַל תירא עבדי יעקב
„ניע פוגײַסיאַ, באַרין יאַקאָוו!"
טי ניע בויסיאַ ניקאָווא,
טאָלקאָ באָגאַ אָדנאָוואָ!
— — — — — — — — — — — —
גיט בונימס „זוגאָסי" אַנ׳עפּן די טיר,
ווערט ער בלייך ווי די וואנט —
נאָכן גרויסן „אל תירא"...
— אין סידור, — זאָגט בונים, — איז אַלץ פּשוט־גלאַט;
נאָר דער „אל תירא אַליין"
האָט קיין ווייב ניט געהאַט...

## מר ממות

. . . דעם מלאך המות ט׳באַפוילן די פמליה של מעלה:

— קומסט צווישן מענטשן, דאָרפסטו, ברודערקע, זיין

אַ שטיקעלע מענטש —

אַ באַווייבטער ווי אַלע!

און דער בחור

איז גלייך צו דעם שדכן אַריין:

— כ׳דאַרף אַ ווייבל;

כ׳בין „אַ שוחט״...

נאָר מיט זונדעלע שדכן

איז ניט פּראָסטע־מאָסטע צו טרייבן קאַטאָוועס —

ער האָט אים דערקענט!

— איך גיב דיר אַ בחורטע,

וואָס ווערט ניט נתפּעל פונעם מלאך המות...

און שדכנות־געלט — ניין! איין תנאי נעם איך אויס:

דריי מאָל האָב איך רעכט —

דו גיסט מיר דיין וואָרט —

אַז כ׳טו אַ פּיפּס „פּאַס״!,

פאַרלאָזסטו דעם חולה

און טראָגסט זיך אָפּ אין דער רגע פון דאָרט...

— — — — — — — — — — — — —

און ער האָט אים פאַרשלייערט מיט ציפּקעלע־פייער —

אַ מויד מיט אַ הויקער,

ווי אַ בורעק געל־רויט;

און אַ פּיסק — דער גיהנום!

אַליין דער מלאך המות

האָט צען מאָל אויף זיך שוין געבעטן דעם טויט...

נאָר אַ וואָרט איז אַ וואָרט —
קומט זונדעלע שדכן
און טוט אַ פּיפּס „פּאַס״, פליט ער בליץ־שנעל אַוועק!
נאָר ס׳איז נאָך „די דריי מאָל״,
און דאָ — אוי, אַ צרה:
זונדלס אַ קרוב האָלט ביי גסיסה, ביים עק...
נאָר אַ ייד אַ למדן גיט זיך אַן עצה!
אַ פּראַל אויף די טיר:
— ברודער, „פּאַס״! אַנטלויף גיכער —
דיין ציפּקעלע גייט!...
דעם מלאך המות האָט נעבעך
אַזש טרייסלען גענומען,
און ז׳אַוועק ווי אַ וויכער...

## אָדער־אָדער...

— ווי קאָן איך זיך איילן —
כ׳בין אין די הויכע חדשים —
אָט־אָט דאַרף איך האָבן! דו זעסט דאָך אַברהמל...
— דיין „האָבן״ ט׳שוין דערעסן
ווי אַ ביטערע ציבעלע:
אָדער „האָב אָפּעט״,
אָדער גיי גלייך אין קרעמל!...

## דער „דין תורה"

. . . און „דאָס רבל" ט׳אויסגעהערט „מיט קאָפּ" דעם בעל־עגלהטשיק,
„אַ יידל פון צוויי פּאַר אַ גראָשן" ;
נאָכדעם — ר׳ יאָשען — דעם קצב, „דעם קנאַקער",
און געפּסקנט,
אַז „גערעכט איז ר׳ יאָשע!"

„גערעכט", ווי־זשע אַנדערש : „אַזוי שטייט אין דער תורה!" . . .
— „נ׳דער תורה!" — שרייט „דער שמייסער" מיט צאָרן, —
נאָר זאָגט מיר כאָטש, רבי, אין אַ טאָג אין אַ וואָסערן
איז די תורה געגעבן געוואָרן ?" . . .

— „אין אַ טאָג אין אַ וואָסערן" —
איי, דו פרעגסט ווי אַ שוטה!
און צי דאַרף מען דערצו דען בקיאות :
אַ שוסטערל אַ ליאַדע ווייסט אויך, אַז די תורה
אונדז האָט מען געגעבן שבועות!"

— „שבועות איז, רבי, טרוקן־מחיה!
און נאָר אַזאַ חכם ווי איר, אַזאַ ווייסער,
קאָן פּרווון פאַרגלייכן דעם זוניקן שבועות
מיט די בלאָטעס,
מיט די פון פאַר־פּסח!" . . .

## אַז דער רבי האָט געגעסן איז כשר! . . .

(לויט די זכרונות פון י. ל. פרץ)

— אַ ווייטיק איז מיר! — האָט די מויד זיך צעשריען, —
פאַררעדט זיך, און דער רבי האָט דערווײַלע
געלערנט געשמאַק
און „געשמאַק אויפגעגעסן"
פונעם טעלער די גאַנצענע „שאלה" . . .

— ניט געוואַלדעוועט, מויד, גיי אַהיים, ב׳קאַ מורא
פאַר דער גבירהטע, פאַרן פרומען ר׳ אָשר, —
זאָגט די רביצין פעסט, —
גיי אַהיים, ב׳קאַ מורא:
אַז דער רבי האָט געגעסן, „איז כשר!".

# דער „חכם בלילה" — דער דראַזשנער רב . . .

1

— עס לייגט זיך די הון ניט — ס'איז ווינטער אין דרויסן;
דאָס איי קאָסט אינצווייען! — שרייט די רביצין אויסעט.
— איז פאַר אַ גראָשן אַ צענדליק טוט די הון זיך ניט לייגן,
פאַר צוויי גראָשן — יאָ! — ס'קאָן זיין קאַלט אין אַמבאַר, —
אַט דאָס איז אַ שכל?!

און כאַטש „דער האָן איז דער קלוגער",
איז די הון, — זאָגט דער דראַזשנער, —
אויך ניט קיין נאַר! . . .

2

— דאָס העמד וואָס אויף שבת, ז'אויף דער לינקער זייט —
אין באָד קער עס איבער:
ס'אַ בושה פאַר לייט!
נאָר דער דראַזשנער ז'פאַרמוחט, ער טוט אַלע מאָל פאַרגעסן;
דער רביצין האָט דער צעטראָגענער מלאך דערעסן!
איין מאָל אַ פרייטיק, קלערט די רביצין שיינע:
דער רב איז צעטראָגן, כ'וועל טאָן דאָס אַליין!
אומר ועושה!
און דער רב אין דער באָד
האָט דעם זעלביקן פרייטיק זיך אַ פּליים געטאָן גראָד . . .
— — — — — — — — — — — — —
— וואָס ווידער, שלימזל, כ'האָב דאָך איבערגעקערט ס'העמד!
— און אויך איך האָב געטאָן דאָס צו דער ריכטיקער צייט;
און טו אַ קוק אַ חידוש:
מיר האָבן ביידע געקערט,
און ס'איז אָבער און ווידער
אויף דער לינקער זייט . . .

## האָזן כאַפּט מען ניט מיט רבנים . . .

— איך וועל די האָזן ניט נעמען ! —
טענהט דער סוחר ר׳ ניסן,
„די פּעלכלעך זיי זיינען צעריפּעט, צעריסן !
טוט, רבי, אַ קוק, איר זעט דאָך ניט שלעכט״ . . . .
— יאָ, יאָ, טאַקע אמת,
איר זייט, ר׳ ניסן, גערעכט !
— אַזוי ! — שרייט דער דאָרפס־ייִד, —
איר מיינט, רבי, אפנים,
האָזן כאַפּט מען מיט קלוגע רבנים ? —
האָזן כאַפּט מען מיט הינט !
מע מוז צומאָל שיסן !
און זייט ניט קיין לעקיש —
שוין צייט איך צו וויסן !

## מעשה אבות סימן לבנים

— און ווי איז רעכט ביי אייך, רבי, איבערגעבן דאָס רבנות
אייער זיידענעם איידעם דעם גוטן —
איר ווייסט דאָך בפירוש, אַז אייער איידעמל מיט לערנען
איז גאָר־גאָר אַ קנאַפּער מחותן ? !
— באַלעבאַטימלעך מיר זאָגן : „כשם שאני רוקד כנגדך
ואיני יכול״ —
איך בין רב ביי אייך אין פּסקאָוו
דרייסיק יאָר מיט אַ שמיץ,
און קען, במחילה, ניט לערנען —
וועט מיין איידעמל אויך זיין אַ רב . . .

## די רירעוודיקע רביצין

. . . דער פליישיקער אָנבײַסן, וואָס די רביצין ט׳דערלאַנגט,
ז׳געווען „ניט אײַ־אײַ!״
נאָר דער גאַסט האָט געדאַנקט.
— און איצט, — זאָגט דער רב, מעשה פּאַן־באַלעבעסל, —
מאַך, רביצין,
מילך מיט ציקאָריע הייסע . . .
. . . „מילך מיט ציקאָריע״ — מ׳דאַרף „הילכן״ פונדאַנען! —
טראַכט „דאָס מחברל״;
דער רב ט׳אים פאַרשטאַנען,
און זאָגט:
— זייט ניט חושד אַ יידן, מיין פריינט:
מיין „רירעוודיקע רביצין״ קען איך גוט ניט פון היינט!
אַז מ׳בעט זי „וואָס מאַכן״, מיין רביצין, די פרומע,
קומט עס אַרויס
אין זעקס שעה אַרום . . .

## וואָס גרעסער די שטאָט, אַלץ קלענער דאָס רב׳ל...

. . . קומט אַ גלאָמפּ צו אַ גאון נעמען סמיכה אויף רב —
„קענען קען ער אַ מכה״,
נאָר דער טאַטע ז׳אַ גביר. . .
— ווילסט זיין אַ רב, — זאָגט דער גאון, —
נאָר וואו נעמט מען
אין דער וועלט אַזאַ שטאָט אַזאַ גרויסע פאַר דיר?! . . .
— — — — — — — — — —
ווערט דער גלאָמפּ בגילופין — מ׳זוכט פאַר אים שטעט . . .
— וואָס גרעסער די שטאָט, — טייטשט דער גאון באַלד אויס, —
אַלץ קלענער דאָס רב׳ל;
און ווי דו ביסט אַ גאָרנישט —
איז אין דער וועלט נאָך ניטאָ
אַזאַ שטאָט, אַזאַ גרויסע...

## דער אייגענער חמץ

ביים „ישועות יעקב" ז'געוועזן גאָר אַ ביטערע רביצין
און גאָר ניט קיין נאַר;
מיט אַ צינגעלע אויף שרויפן!
פאַר פסח באַשמועסט דער רב מיטן נגיד
דעם סדר, ווי מ'דאַרף דעם חמץ פאַרקויפן.
עס זיצט דער נגיד — דער „באָס", דער שמש אלקנה,
די רביצין אין שאַל:
זי מוז אַלץ וויסן און הערן . . .
— מיט דעם שטאָטישן חמץ, — זאָגט דער רב, — איז אין אָרדענונג;
וואָס טו איך
מיט „מיין אייגענעם חמץ" דעם שווערן? . . .
— — — — — — — — — — — —
די רביצין איז „מבין כל שטאָך", און זי ענטפערט:
— זאָל אונדזער רב זיך ניט זאָרגן אַזוי —
אָט דעם „חמץ דעם שווערן"
האָט מיין טאַטע, דער רב,
נאָך צוריק מיט צען יאָר פאַרקויפט „יו אַ גוי" . . .

## משה קאַפּל דער רב, „דער חכם פון רימינענקע"...

. . . דער וואַיאַזשאָר ט'אים דערקענט, זיך צעשמועסט מיט אים גיך:
— איר פאָרט קיין רימינענקע, לאָזט גריסן דעם רב
משה קאַפּל;
כאָטש מ'זאָגט, ר'איז אַ שוטה אַ גרויסער...
— דער רב משה קאַפּל, ר' ייד,
דאָס בין איך...

## „STOP תהילים"...

. . . ליידי פוקס
גייט שוווער צו קינד;
פוקס "קעיבלט":
— זאָגט תהילים:
עס גייט ביי איר שווער . .
און אָט איז „אָלראַיט" —
מזל־טוב: אַ צווילינג . . .
פוקס „קעיבלט":
— STOP תהילים!
איך דאַרף ניט מער . . .

## די פּאָליטישע דעבאַטן אַרום אָדם הראשון

. . . אַ קאָנגרעסמאַן פון די גרויסע פאַראייניקטע שטאַטן
איז ניט אַבי ווער —
ס'איז אַ „העלד פון דער צייט"!
ר'איז פּאָליטיש דערפאַרן; ר'ווייסט „אַנ'הייליקן דין" —
מיט איין וואָרט: ער איז
אי צו גאָט, אי צו לײַט!
מיסטער טשאַרלז — דער געשיקטער פון נאָרד קאַראָלײַנאַ
איז „אַ ספּעץ" און אַ מבין
אויפן „קאַמף פון די קלאַסן",
נאָר דאָס מאָל גאָר רעדט זיך וועגן אַ „קאָנגרעס־בראשור" —

„אַ קונסט־עמיסיע
וועגן די מענטשלעכע ראַסן".
דער מאָלער ז'א העלד — אַ שטיק ראַפּאַעל!
און אַלץ פרום און פיין
לויט דעם ביבלישן צעטל:
„די שלאַנג און דאָס ווייב"; אָט איז אָדם הראשון
מיטן „פינטעלע בושה"
אין געשטאַלט פון אַ בלעטל . . .
— אַ חיות צו קוקן! נאָר וואָרט־וואָרט אַביסל —
מיסטער טשאַרלז פון קאַראָלאַינאַ
האָט אַ גאונישן קוק:
דער קינסטלער, שטעלט זיך פאָר, מאָלט אָדם הראשון
„מיט אַ פּופּיק", ווי ביי יעדן — . .
וואָס איז דאָס פאָר אַ טריק?
— שוין ווייסט ער ניט, דער מאָלער, — נעמט טשאַרלז דאָס וואָרט, —
אַז אָדם הראשון ט'באַשאַפן
„דער באַשעפער" אַליין —
טאָ צו וואָס „אָט דער פּופּיק?!" — דאָס איז גאָטלעסטעריי!
דאָ ליגט, מיינע דזשענטלמען,
„אַ מאַרקסיסטישער מיין" . . .
— — — — — — — — — — —
און ער שיט פעך מיט שוועבל אויף „די מאָלערס די לינקע" . . .
— באַרואיקט אייך, סער, —
זאָגט אים איינער אַריין:
אָדם הראשון אין וואַטיקאַן ז'מיט „אַ פּופּיק" געמאָלן,
און „פּויפּסטלעכער פון פּויפּסט"
דאַרף קיינער ניט זיין!

## אַט אַצינד גייט גיטעלע צו קינד . . .

דאָס פּאָרעלע פון פּוילן
איז „אַריין אין די פּעדערן";
נאָר ער קנאַקט אַ יידיש אַנ'אמת געשמאַקן!
גיטעלע פון פּוילן,
איך מיין „מיסעס קעט",
ווייל פון יידיש נישט הערן — קענסט זי בראָקן און האַקן! . . .
צום יאָר — אַנ'ערשטלינג,
ווי דער שטייגער, אַ קימפּעט;
די משפּחה ז'אַריין אין שפּיטאָל פונעם זייט.
מ'הערט ווי זי „אויקעט",
און דווקא אויף ענגליש,
זאָגט איציק:
— געדולד, צו דער זאַך איז נאָך ווייט . .
מיטאַמאָל: „אוי, מאַמע! אוי־וויי!"
— אַט אַצינד, —
זאָגט איציק, — גייט גיטעלע צו קינד . . .

## אַמעריטשקע־סטיל

. . . פרעגט אַ גרינער, אַ פריץ, ביי זיין ברודער שמואל:
— פאַרוואָס שילסטו דיין ווייבל ניט פאַר וואָס, ניט פאַר ווען?!
— האָסט אַ טעות — ס'איז אונדזער אַמעריטשקע־סטיל:
פון שמואל ווערט „סעם",
פון ברײַנע
ווערט „ברען" . . .

## רבינו שלמה יצחקי (רש״י)

. . . און ווי זיי שיפן זיך זאַלבאַצווייט לענג אויס דעם קאַנאַל,
האָט ער ווידער דערמאָנט זיך אָן יצחקס אָפּאַל:
— פּאַרקויף, — שרייט דער גראַף, — קריגסט דעם דאָפּלטן לוין —
זאָל ער פינקלען אין קלויסטער —
אין דער מאַדאָנעס קרוין...
— — — — — — — — — — — — — — — —
נעמט ר׳ יצחק אַרויס פונעם טאַשל דעם שטיין
און באַטראַכט אים,
נאָר זיין האַרץ, עס צעגייט אין געוויין:
באַשייַנען דעם אָפּגאָט מיטן זיידנס אָפּאַל! —
אוי, ניין!
און דערווייל האָט דעם בלויען קאַנאַל
פאַרצויגן אַ וואָלקן — ער ווערט צאָרנדיק שוואַרץ;
דאָס שיפל — עס פיבערט,
ווי ביי יצחקן ס׳האַרץ!
מיטאַמאָל הערט זיך: „אוי!״ —
יצחק האַלט זיך ביים קאָפּ,
נאָר דעם שטיין ט׳ער געשיקט גלייך צום אָפּגרונט אַראָפּ..
— — — — — — — — — — — — — — — —
קומט דער זיידע צו חלום און זאָגט פול מיט חן:
— אַ יישר כוח דיר, יצחק,
האָסט דעם איידעלן שטיין
געשיקט גלייך צום אָפּגרונט מיט דער אייגענער האַנט;
וועט דער באַשעפער דיר שענקען
אַ זון־אַ ברילִיאַנט:
וואו יידן, וואו תורה, וועט לעבן אויך דאָרט
דיין זונעלעס,
שלמה יצחקיס אַ וואָרט...

# דער ווילנער גאון

— ביי דעם קינסטלער בצלאל,
גיט צו די תורה:
„לחשוב מחשבות" — וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַך? —
ט׳מען געפרעגט ביי דעם גאון.
— יאָ, יאָ, — זאָגט „דער חסיד"
מיט זיין פאָטערלעכן שמייכל: — טאַקע דאָס איז די זאַך:
שטיקער גאָלד פונעם „שמעלצטאָפּ"
זיינען ווי קינדערלעך ריין —
אָן אַ רונצל,
אָן אַ שטעמפּל פון אַ פּאָר נימעסע הענט...
דאָס גאָלד וואָס „מ׳נותנט"
טראָגט דעם „סודות-לבוש"
פונעם שענקערס מחשבה —
און ט׳די מחשבה ט׳ער דערקענט!
אַ מדבר־ייד אַ פּראָסטער
שענקט ערלעך, אָן קונצן —
פון זיין גאָלד שמידט בצלאל צו דער מנורה די בלומען;
פון קורחס גאָלד טראָגט
מיט גבירישער גאווה —
פון דעם מאַכט ער אַ דרענגל,
אַ שקוואָרן אַ קרומען...

## טאָמער פאַרקערט...

צו מענדעלסאָנען „מיטן הויקער" קומט אַ טיפּש — אַ מויד,
גאָר „שיין ווי די וועלט"
און „שטיין־רייך",
און זאָגט:
— לאָמיר זיך נעמען; און ווער, ליבער מאָזעס,
וועט דעמאָלט זיין צו אונדז גלייך ?!
און קינדערלעך וועלן מיר האָבן — אַנטיקלעך, מיין האַר:
דיין חכמה, מיין שיינקייט —
„ניכט וואָר ?!"

זיצט מענדעלסאָן משה געלאַסן און הערט,
און ענטפערט „דעם גלאָמפּ" מיט אַ שמייכל:
— ביי די קינדערלעך קאָן זיין גאָר די מעשה פאַרקערט:
מיין שיינקייט,
אייער „ליכטיקער" שכל . . .

## ר׳ יצחק אלחנן

**(אחרי פטירת הרב לובנוב מלנינגרד)**

— ניטא „קיין ביטערקייט אין לעבער״, — קלערט ר׳ יצחק אלחנן,
און די יידענע איז דלפונס אַ שוועסטער . . .
„ניט גוט!״ — קרעכצט ער אונטער . . .
— „ניט גוט״, זאָגט איר, רבי, —
כאַפּט אונטער פול פיין שרה־אסתר, —
דאָס קינד ליגט צו בעט; איך מוז קאָכן אַ יאיכל,
וואָס טוט מען? —
ס׳איז „פינצטער און ביטער!״
— אויב „ביטער״ איז רעכט!
גייט אַהיים — עס איז „כשר!״ —
זאָגט דער רב מיט אַ הייליקן ציטער . . .

## קראַצן־קראַץ זיך, נאָר ניט מיך...

דער באַרימטער מהרש״א —
שמואל אידלס אַליין,
קומט אַן אין אַ שטעטל בשתיקה . . .
אַריין אין א קלייזל —
דאָרט זאַלבאַצווייט לערנען,
דער איידעם מיטן שווער נחום־שיקע.
זיי לערנען מהרש״א,
נאָר ס׳איז פלאַטשיק דער עסק:
פאַרקראַכן און ניט פונעם אָרט!
— גיב, פישל, דאָס מעסערל, —
זאָגט דער שווער „מעשה למדן״, —
מ׳דאַרף אַ „קראַץ טאָן״; דאָ ז׳אַן איבעריקער וואָרט . . .
גיט דאָס מעסערל, פישל;
דער מהרש״א האַלט ניט אויס
און טרעט צו צו דעם „למדן״ אפגיך,
און זאָגט:
— ליבער ייד,
לערן מיך ווי דו קענסט,
נאָר „קראַצן״ — קראַץ זיך, נאָר ניט מיך! . . .

## נפתלי ראָפּשיצער

„הגם שאול בנביאים״ (שמואל א׳, ה׳ י״א)

אינעם שטעטעלע ראָפּשיץ,
וואו נפתלי איז דער רב,
שטייט די בלאָטע אַ קיילעכדיק יאָר.
— פאַרוואָס, רבי, זאָגט אונדז,
נעמט צו דער בלאָטע קיין סוף ניט?
פרעגן אים שפּעטערס אַ פּאָר.
— גאָט האָט אָדמען געוויזן, —
דערקלערט זיי נפתלי, —
די געשיכטע פון יעטווידן אָרט:
וואו — אַ שטאָט, וואו — אַ שטעטל;
וואָסער „העלד״,
וועלכער „אומגליק״
וועט זיין „רב״, אָדער „רבילע״ דאָרט...
אָט אַדאָ, — זאָגט אים גאָט, —
וועט זיין ראָפּשיץ אַ שטעטל
מיט אַ רעוול נפתלי...
— איַי, איַי!
„נפתלי״ איז אויך שוין
אַ „פּירער״ געוואָרן!

און אָדם דער ריז טוט אַ שפּיי:
„אַז אַך און אַז וויי!״
און פונעם שפּיי זיינעם אָט —
שטייט אין ראָפּשיץ
אַן׳אייביקע
בלאָטע...

# דער דובנער מגיד

## א

— מ׳האָט געזאָגט אייך אין שטעטל
אַוודאי און אַוודאי,
אַז איך גיב ניט קיין צדקה אַ גראָשן, —
זאָגט דער נגיד צום דובנער;
— איז צאתכם לשלום
איך דאַרף ניט קיין מוסר,
קיין דרשה!
— אַז איר גיט ניט, איז — ניין! —
זאָגט דער מגיד דער דובנער;
זייט מיר געזונט, ר׳ שמואל אבא! —
איך גיי מיר מיין וועג;
און אייך וויל איך זאָגן:
ר׳זייט „אַ מזומן לחיי העולם הבא״...
— — — — — — — — — — — — —
דעם קמצן איז דאָס וואָרט
טיף אַריין אין דער נאָז:
— וואָס הייסט עס, — טענהט שמואל אבא, —
איך גיב אים אַ פייג,
איך ווייז אים די טיר,
און ער זאָגט מיר צו עולם הבא?
— — — — — — — — — — — — —
— ר׳זייט אַ יידל מיט פעפער
און מיט גרויסע געדאַנקען;
איר מוזט מיר דערקלערן די זאַך...
— דערקלערן — ז׳דערקלערן!
ציילט אויס אויף דער ישיבה
אַ חמישים! — ס׳איז גאָרניט קיין סך...
— — — — — — — — — — — — —

. . . האָט געלעבט אין אַ שטעטל
אַזאַ אָדלער ווי איר:
ער גיט ניט און שריי חי וקיים!
און ר׳האָט געהייסן זיין מאַיאָנטעק
אין די תכריכים אײַנגייען,
און געשטעלט פאַר אַנ׳עדות דעם דיין...
— — — — — — — — — — — — —
. . . אינעם בית־דין של־מעלה
זאָגט מען אים:
— גוטער ברודער,
אַן צדקה — וואָס האָסטו געטראַכט?!
— דאָרט ז׳אַן „עולם השקר"
מיט שלעפער, מיט שנאָרערס —
כ׳האָב אָהערצו מיין קניפּל געבראַכט —
טיילט ווי איר ווילט!
— — — — — — — — — — — — —
ט׳זיך דער בית־דין בּאַראָטן,
און ס׳איז מודיע דער הימלישער גבאי:
— אַז ס׳וועלן זיך נאָך צוויי געפינען;
איר וועט זיין אַ מזומן,
באַקומט איר אַלע דריי עולם הבא...
דו׳סט דיין קניפּל געבראַכט,
דער צווייטער איז קורח!
— — — — — — — — — — — — —
איצט וואַרט מען אויף אייך,
ר׳ שמואל אבא,
איר זאָלט אײַנגייען ס׳קניפּל,
וועט איר זיין אַ מזומן
און באַקומען אַלע דריי
עולם הבא...

ב

דער ווילנער גאון
האָט האָלד געהאַט דעם דובנער,
קומט ר׳ יעקב קיין ווילנע אין אַ יאָר;
אוןביים שלום־עליכם
זאָגט גלייך אים דער גאון:
— דערציילט אונדז משלים אַ פּאָר!
— פּאַרט אַ מלמד
אויפן יאַריד נאָך אַ ציג;
די מלמדקע — זי איז מוכן ומזומן:
שוין אָנגעבראַקט לאָקשן,
קוים דערזען נאָר די ציג,
ט׳זי אויפן שטעל
זי מעלקן גענומען.

— — — — — — — — — — — — —

מעלק אַהין, מעלק אַהער —
ס׳איז פּוסטע חלומות!
זי גיט ניט קיין מילך — איינמאָל ניין!
שרייט די מלמדקע:
האָסט געבראַכט אַ פּגירה,
ווייל דו ביסט אַ שלימזל אַליין...
— ס׳אַ ציג! — זאָגט דער מאַן, —
נאָר זי איז מיד, ז׳איז הונגעריק!
און ווי קען מען אַזאַ זאַך פאַרגעסן?!
טאַקע נאָר אַ מלמדקע
קאָן נעמען זיך מעלקן
אַ ציג
וואָס מ׳גיט ניט
קיין עסן...

— — — — — — — — — — — — —

— איי גוט! — זאָגט דער גאון, —
דאָס מיינט איר דאָך מיך...
קומט, ר׳ יעקב צום טיש,
קומט אויפגיך...

## מאיר לייבוש מלבים

1

די מלבים־שול אין בוקאַרעשט — ס׳אַ שם דבר — ניט פרעגט!
נאָר דער מלבים האָט אין בוקאַרעשט
„קיין האָניק ניט געלעקט״ . . .
ער האָט געהאַט מיט „די קולאַקן״ צו זינגען און צו זאָגן!
— — — — — — — — — — — — —
אין אַ תמוז־טאָג, אין אַ קאַלטן, דער מלבים האָט געטראָגן
אַ וואַרעמען טיזליק;
אַ לץ זאָגט אים באַלד:
— דעם אייזל, זאָגט דער תלמוד, איז אין תמוז אויך קאַלט . . .
— דו שוטה בן פיקהאַלץ — מיר איז וואַרעם אַ חיות!
כ׳טראָגט אַ טיזליק, — זאָגט דער מלבים, —
אַ וואַרעמען גאַרניטער;
דאָס האָט געשריבן אַ קלוגער,
אַז די נאַראָנים — „די אייזלען״
זאָלן אין תמוז אַפילו כאַפּן אַ ציטער . . .

2

דער „תקיף״ נעגרעסקו,
דעם מלבינס אַ קעגנער,
שיקט דעם רב שלח־מנות — ער איז עזותדיק מילד —
אַ קאַרענעם לעקעך,
צוויי פלאַש „טימיאָסאַ״
און אַ חזירל אויסגעמאָלט אויף אַ גלאַנציקן בילד . . .
— — — — — — — — — — — — —
— „אַ גביר איז אַ חזיר״, —
זאָגט דער מלבים, — און שיקט אים
אַ פלאַדן, זיין „פּאַטאַ״,
און שרייבט אונטער אַפּגיך:
„הער מאַרקוס, אַ דאַנק אייך
פאַר אייער „פּינקטלעכן פּאַטאַ״!
איך שיק אייך אַ פלאַדן
און אַ בילדל פון זיך . . .

## זיי געוואָרנט אין „אָמן"...

דער הייליקער שיל"ה
איז געווען דער תלמיד
פונעם גרויסן רש"ל, וואָס שרייבט קורץ און שאַרף.
פאַר זיין חתונה קומט ער
נאָך אַ ברכה צום רבין,
נאָך אַ ליכטיקן וואָרט ווי זיך פירן מע דאַרף . . .
— גאָט זאָל דיך באַגליקן, —
זאָגט צו אים דער רש"ל, —
זיי געוואָרנט אין „אָמן" אַלע טעג און חדשים,
כ'מיין די תאוות די דריי,
וואָס צעברעכן דעם מענטשן —
„אָמן" איז: „אכילה",
און „ממון"
און „נשים" . . .

## ר' חיימל דער מחמיר . . .

ר' חיימל סאָלאָווייטשיק
האָט געשמט פאַר אַ מחמיר:
— אַ דין בלייבט אַ דין — מ'דאַרף קיין דריידלעך ניט זוכן!
נאָר יום־כיפור דערזעט ער
אַ ייד, וואָס פאַסט שווערלעך,
איז ער איינס און צוויי מתיר:
— גיי עפּעס פאַרזוכן . . .
— איר זייט דאָך, רבי, אַ מחמיר, —
פרעגט מען אים, —
און יום־כיפור
זייט איר איינס און צוויי מתיר?!
ער ענטפערט צופרידן:
— יאָ, יאָ, כ'בין אַ מחמיר —
אַ שרעקלעכער מחמיר
אינעם דין פון פיקוח נפש ביי אַ פשוטן יידן! . . .

## דער נאָוואַראַדאָקער פּרוש

(וואָס הייסט „אויסהאָרעווען אַ מידה")

1

צי מ'האָט פאַרגעסן אים ברענגען אַ ליכטל, צי ניין,
נאָר דאָס פלעמעלע צאַנקט —
עס ווערט אויס;
מ'דאַרף גיין נאָך אַ ליכט: ביטול תורה!
אָבער וואו איז
דער בטחון דער גרויסער...

וואָס טוט מען?
און דאָ — מיטאַמאָל
עפנט ווער אויף די טיר האַסטיק־גיך:
אַ ייד האָט צו טאָן מיט אַ תוספות,
און טראָגט גראָד אַ ליכטל מיט זיך.

2

דאָס בטחון־ליכט ז'בא אים קודש קדשים!
נאָר נאָך דער שרפה אין שטוב, נאָכן גזר,
איז דאָס ליכט ניט געוואָרן,
און דער פּרוש
טראָגט טיף אין האַרצן דעם צער...

— — — — — — — — — — — — —

3

אין אַ טאָג קומט דער פּרוש צום עולם
און זאָגט מיט אַ ליכטיקן פנים:
— ס'האָט געמוזט אָפּברענען — אוודאי!
אויף בטחון
דאַרף אַ ייד
ניט זוכן
קיין סימנים!...

## קענען לערנען איז ווייניק, מ׳דאַרף האָבן נאָך שכל

. . . דער ראָגאַטשאָווער ט׳געזען, מ׳האָט צו אַ „רב׳ל״ געבראַכט
אַ הון „גאָר אַ גלאַטע״ —
ער האָט „כשר״ געמאַכט . . .
— לויפט, מומענקע, — זאָגט ער, — ברענגט אַהער גיך
די הון די צווייטע,
זי מוז זיין אין קיך . . .
— אוי, כ׳האָב פאַרביטן! איך ברענג גלייך די הון . . .
געבראַכט — עס איז טרייף!״
— אָט זעסטו, מיין זון, —
האָט פאָטערלעך דער גאון געזאָגט מיט אַ שמייכל, —
קענען לערנען איז ווייניק —
מ׳דאַרף האָבן נאָך שכל! . . .

## אחד העם

. . . „יידן זיינען קיין פאָלק ניט״ —
שרייען פעטע באַנקירן,
די סאָרבאָנע־לייט אין זייערע טראַקטאַטן...
— גאַנץ מעגלעך — ר׳זייט ניט־יידן, —
זאָגט אחד העם,
נאָר רעדט
פון זיך!
ניט פון מיר און מיין טאַטן...

2

— אײַ, „דער מיצרישע קנאָבל!״ —
קרעכצט אויס דער דור־המדבר:
די פיש די געפילטע, וואָס מיר האָבן דאָרט געגעסן...
— איר האָט דעם זכרון פאַרלאָרן! —
זאָגט צו זיי אחד העם:
די פישעלעך געדענקט איר,
די קלעפּ ט׳איר פאַרגעסן...

## דער עזות פנים — ער וואַרט ניט...

אַ משכיל — אַ שוויצער
פלעגט צושטיין צום ראַגאַטשאַווער
ווי נאָר ער פלעגט קומען אין שול — אויפן אָרט!
זאָגט דער רב:
— אין דער תפילה
קעגן די עזותניקעס ז׳דאָך קשה
אַז מיר בעטן כסדר טאָג נאָך טאָג דאָרט
„שתצילנו היום״ —
באַשירעם אונדז, גאָט!
טאָ צו וואָס „ובכל יום״ —
מאָרגן דאַווענען מיר דאָך ווידער?...
נאָר דער עזות פנים —
ער נעמט דיך טרייבערן גלייך,
נאָך איידער דו עפנסט אין שול אויף דעם סידור...

## הרב יהודה ליב צירלסאָן

— וואָס מאַכט איר אַ ווערן פּונעם זיידענעם העמדעלע —
קאָסטן קאָסט עס אַ שיבוש!
ווער עס וויל — יענער טראָגט!
טוט אַ טרייסל די ליידיקגייער —
„די זיידענע יונגערמאַנטשיקלעך!״ —
האָט דער בונדאַוועץ קאָוואַרסקי דעם רב צירלסאָן געזאָגט.
— אָט זעט איר — אויך אין אייך פּיקט
„דער זיידענער וואָרעם״,
וואָס יעקב האָט געבראַכט אין זיין פרידלעכער שטוב;
מיט דעם וואָרעם־אָט פון שינאה
האָבן אייערע „כשרע פאַסטעכער״
אַ ברודערל־אַ טרוימער געוואָרפן אין גרוב...

## אַ פּיינקוכן פון טשוועקעס . . .

. . . ס׳איז מלחמה, און אויפן דאָן צו אַ בייזער קאָזאַטשקע
ט׳מען איינקוואַרטירט אַ פינפטלינג רויטע אַרמייער.
— מאַך אונדז אַ פּיינקוכן.
— טשעפּעט זיך אָפּעט:
ניטאָ ביי מיר גאַרנישט — ניט קיין אייל, ניט קיין אייער!
אַ פּאָר אַלטינקע טשוועקעס — אַדאָס קאָן איך אייך געבן! . . .
— זאָל זיין טשוועקעס!
און זיי ל׳ייגן זיי אויף דער סקאָווערדע אַוועק . . .
די קאָזאַטשקע וואַרפט אויגן.
— גיב אונדז, מוטער׳ל־סערדצע,
צו די טרוקענע טשוועקעס כאָטש בוימל אַ לעק!
זי כאַפּט שוין אַ שמייכל,
און גלייך פון „טשולאָן״
ברענגט זי דער חברה בוימל אַ קריגל.
— אַ דאַנק!
אָך, ווען מ׳קריגט צו די זעלביקע טשוועקעס
אַ פּאָר אייעלעך פרישע!
זי שפּרינגט צו צום וויגל,
און דערלאַנגט אַ טוץ אייער . . .
— אַט, איר זעט, מוטער־לעבן:
מ׳קאָן מאַכן אַ פּיינקוכן פון טשוועקעס, פון שלעסער —
אַ סאָלדאַט דאַרף אַלץ קענען!
ואף על פּי כן,
דאַכט זיך אונדז, מוטערל,
אַז אָן „טשוועקעס״ איז בעסער . . .

# מ׳דאַרף ק־ק־ענעו ריידן . . .

. . . האָבן ביים „באַטיושקאַ־צאַר״ געדינט בראָוו־צוזאַמען
אָסקאַר אַבראַמאָוויטש
און דער זאַיִקע שמואל זיאַמע.
אויף זיאַמעלען זאָגט מען:
„ער קאָן היקען און עסן״;
אַבראַמאָוויטש האָט אויף רוסיש
„אַ הונט אויפגעפרעסן״

און אָט איז פאַר־פסח — מ׳מוז פּאַקן אַ טעג צוויי,
און דאָס פּאַרעלע קומט אָן צום קאַפּיטאַן אין דער ריי.
דער קאַפּיטאַן ז׳אַ הוסאַר מיט צוויי וואָנצן שווערע,
און געזונט ווי אַ מויער
און ווילד ווי אַ בער!
איז דער ערשטער אַריין אַבראַמאָוויטש אפרים
און אָנגעהויבן אַזש
פון יציאת מצרים!
און בראָקט קלוגע ווערטער — דער קאַפּיטאַן קאָן ניט הערן
און ברומט אויס:
— „קרוגאָם! — שוין זאָלסטו ניט ווערן!״
— — — — — — — — — — — — — —
אָסקאַר איז אויס מענטש:
— מ׳האָט אָפּגעזאָגט! ניין!
זאָגט זיאַמע זאַיִקע:
— כ׳וועל ג־גיין אַל־ליין . . .
— וואוהין קריכסטו, שלימזיז? —
דו טו נאָר אַ טראַכט,

אַז איך מיט מיין רוסיש האָב גאַרניט געמאַכט...

— — — — — — — — — — — — — —

און זיאַמע ז'אַריין:

— „וואַשע וויסאַ־סאָקע . . .״

דעם קאַפּיטאַן ז'ער געפעלן:

— וואָס ווילסטו, „סינאָק״ ? !

און „שלושה דברים״ געהיקעט, געזאָגט;

און ז'אַרויס „בשלום״;

און ער לאַכט, און ער טראַגט

אַ דערלויבעניש פאַר בײדן אויף טעג גאַנצע אַכט . . .

— איַי, אַ לעבן אויף דיר!

ווי האָסטו'ס געמאַכט ? !

און זיאַמעלע ענטפערט אי שטאָלץ אי באַשיידן:

— ברודערקע־בררו־דער:

מ'דאַרף ק־ק־ענען ר־ר־יידן!

# אַן הזכרה נאָכן טאַטן...

(פונעם סאָוועטישן קינאָ־פאָלקלאָר)

1

. . . אין סאַנקט־פעטערבורג —
ס׳איז כיעסדיק וואַרעם!
מיר לופטערן די ביינדעלעך —
מיט אַמאָל אַן אַלאַרעם:
— אויף די פערדלעך, קאָזאַקן!
פאָרויס! און אַן לידער —
נו, פאַרשטענדלעך:
די אַרבעטער . . .
„די יענקעלעך״ ווידער.
פליען מיר, „די אַדלערס״;
„די כאַליאַסטרע״ צעטריבן;
נאָר ניט־ניט און בחורימלעך
זיינען דאָ־דאָרט פאַרבליבן
אין סטודענטישע מיצלעך.
און „די געבילדעטע״ יאַטן
ווערן מיט אונדז גאָר
היימיש־גוט ווי סאָלדאַטן.
— — — — — — — — — —
— ברידערלעך־קאָזאַקן, —
זאָגט איינער פון די יאַטן, —
מאָרגן פראַווע איך די הזכרה
נאָך מיין אָפּגעשיידטן טאַטן
וואַסילי יעגאָריטש —
אַט איז זיין בילד!
אויף אַזעלכע זאַכן
איז מיין „מאַטושקאַ״ מילד!
זי הייסט דעם גלח דערלאַנגען
אַ צען־קאַרבענעם גלייך;
איז איידער דעם גלח,
זאָל זיין בעסער אייך! . . .
— — — — — — — — — —

2

אין קאַזאַרמע אויף אַ טישל
דעם אָונט דעם צווייטן —
„דאָס בילד פונעם טאַטן",
אַ בינטעלע קווייטן;
אַ שטאָף מיט בראַנפן,
פיר פלעשער וויין —
מיר פאַרברענגען . . .
און דאָ שפּאַרט
דער פעלדפעבל אריין . . .
— — — — — — — — — — —
— „סמירנאָ!"
און — צום טישל
מיטן פּאָלקאָווניק דעם הונט:
— קארל מארקס!
פלעשער וויין —
אין מיין פּאָלק איז אַ בונט! . . .
— — — — — — — — — — —

3

. . . מיר פּרובירן וואָס זאָגן —
ער וויל גאָרנישט וויסן:
— איך וועל אייך צעהרגענען!
איך וועל אייך צעשיסן!
— — — — — — — — — — —
און אַ גרויסן דאַנק גאָט,
וואָס אויפן אָרט פון „צעשיסן",
האָט מען אונדז דריי מאָל
מיט ראָזגעס געשמיסן . . .

## מי לנר גדול . . .

— מיין זון ז'אַ קאַפּראַל — אַ שטיק גענעראַל ! —
האָט מאַלווינע צעפּויקט אינעם דאָרף צווישן פאָלק.
אים זאָגט זי :
— ביסט קאַפּראַל, נאָר זאָלסט פאָלגן אַ מאַמע —
און קיין מאָל ניט
קריוודענען
דעם קאָמאַנדיר פונעם פאָלק . . .

## מאַטע האָט צוויי מאָל געשפּרונגען . . .

— און דו — וויפל מאָל ? —
פרעגט דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע.
— פאַרשרייב מיר „צוויי שפּרונגען" ! — ענטפערט גלייך מאָטע.
— האָסט מיטן פאַראַשוט דאָך געשפּרונגען בלויז איין מאָל, ניט צוויי !
אי דאָס — קוים מיט צרות,
אַז אַך און אַז וויי . . .
— פאַרשרייב מיר „צוויי שפּרונגען",
זאָגט מאָטע אויף אַ קול :
ס'איז געווען ביי מיר „דאָס ערשטע"
און „דאָס לעצטע" מאָל . . .

## „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא, עטאָ סלוטשיינאָ״...

נחמן־שלימזל שיסט אין זייט און נאָך ווייטער,
און בכדי דער פעלדפעבל זאָל ניט האָבן קיין טענה,
פאַרכאַפּט ער דעם תירוץ, ווי מ׳זאָגט, פאַר דער קאַשע:
— וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא, עטאָ סלוטשאַינאָ...
קומט אַ גענעראַל אינספּעקטירן דאָס שיסן;
געפעלט אים גראָד נחמן —
דעם קאָמאַנדיר כאַפּט אַ גרויל!
נאָר דאָס מאָל שיסט נחמן ווי אַ העלד, ווי אַ קינסטלער,
אין דער מיט פון דער מיט —
אַ קויל נאָך אַ קויל...
נאָר נחמן ניט ווייסט פון זיין קראַפט, פון זיין גליק;
ער שפּאַנט צו דער ראָטע;
דער גענעראַל שמייכלט פיין;
און נחמן־שלימזל ראַפּאָרטירט אָפּ אָפּגיך:
— וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא, עטאָ סלוטשאַינאָ...

## יאַשקע קאַוואַלעריסט

1

. . . עס קלינגט אַ באַפעל:
— אויף די פערד, עסקאַדראָנען!
— וואַרט, וואַרט! — מורמלט יאַשקע:
כ׳קען מיין פערד ניט דערקאָנען...

2

. . . דער „דאָנטשאַק״ פליט פאָרויס,
יאַשקע — צוריק
צום עק, רק צום עק — אָט בלייבט ער אויף דר׳ערד...
— חבר קאָמאַנדיר, — שרייט יאַשקע אויף אַ קול, —
גיט אַ פערדל און וואָס גיכער —
אָט־באַלד
איז אויס פערד...

## ווי דער מאַמען — אין דער רעכטער זייט

. . אַז זיאַמעלע „דינט" ביי דער מאַמען אין שטעטל,
איז דאָך אַגיל ואשמח!
קומט צום סטעפּ עטל
גלייך פונעם מאַרק — זי לאָזט אַלץ מיטאַנאַנדער —
און טייטשט איבער זיאַמעלען
די פּאָניאַצקע קאָמאַנדעס —
זי דאַבערט גוט גוייש;
וואָס ווייס, נעבעך, זיאַמע...
באַפעלט מען: „נאַפּראַווא!",
שרייט זי אים:
— ווי דער מאַמען
אין דער רעכטער זייט;
גיט דער עלטסטער אַ ברום:
— „קרוגאַם!"
— ווי דער מאַמען
אַרום און אַרום!...

## די דריי שמשים . . .

ווי עס טרעפט זיך ביי יידן,

האָבן אין דער „קאַלטער קלויז"

דער רב מיטן שמש, ווי מ'זאָגט, „ניט געהויזט" . . .

ביים עין־יעקב — און דער שמש זיצט אויכעט דערביי —

זאָגט דער רב:

— שמשים איז פאַראַן ביי אונדז דריי:

פון די ציצית,

פון די חנוכה־ליכט אין יעטוועדער הויז,

און דער דריטער — דער ביטערער שמש פון קלויז . . .

פון די ציצית פאַרדרייט מען;

דער פון די ליכטלעך — ברענט אויס;

נאָר דער דריטער — דער ביטערער שמש פון קלויז —

קיין איין גוטער ייד זאָל אַזעלכן ניט קענען:

ניט ער לאָזט זיך פאַרדרייען,

ניט ער וויל ברענען! . . .

## דער שמש פון קלייזל

דער ישובניק — דער סטאַץ אין די יוכטענע שטיוול
ברענגט אויף שבת הגדול דעם שמש פון קלייזל
אַנאַינדיק — אַ בילד!
און דער שמש באַזעצט אים
אין מזרח לעם רב,
ר׳ איטשעלע מייזל.
בלאָזט זיך דער קלאָץ ווי זיין אינדיק, און קריכט
צום רב אין דיבורים — ער וויל דווקא באַווייזן,
אַז ער האָט אין חדר געלערנט!
דעם רב ווערט ניט גוט
פון די בלאָטיקע ווערטלעך, די געשוואָלענע גרייזן...
שבת צו מנחה זעט דער ישובניק אין סידור —
„אָדם ובהמה תושיע״,
און ער פרעגט ביים רב ווידער:
— זאָגט מיר נאָר, רבי,
אין אַזאַ סידור, אַזאַ ריינעם,
ווי קומט דער „אָדם״ מיט דער „בהמה״ אינאיינעם?...
— דעם „אָדם״ מיט דער „בהמה״, — זאָגט ר׳ איטשעלע מייזל, —
האָט אַנידערגעזעצט
„אינאיינעם״
דער שמש
פון קלייזל!...

## אַז דער אייבערשטער וויל שטראָפן...

(אַ מעשׂה שהיה)

. . . אונדזער מולינקע קאָן מאַכן
אַנ'„המוציא אויף אַ דונער!"
און טרייבט חוזק פון יעדן; טוט דעם רב דעקוטשען . . .
— ס'אַ יונגאַטש! — זאָגט דער שמש, —
נאָר איך האָב צו אים אַ מיטל:
כ'וועל אים שענקען אַ מפטיר,
און זאָל ער זיך מוטשען! . . .
שבת ביים לייענען — „יעמוד
ר' שמואל בערעב — מפטיר!"
— אַ מפטיר — אוי, אַ ווייטיק איז מיר!
ס'איז שלעכט!
ס'האָט געהאָלפן! און ר'פלעגט זאָגן:
— אַז דער אייבערשטער וויל שטראָפן
אַ שוסטער,
שיקט ער צו אים אַ מפטיר אומגערעכט . . .

## די זמירות די קאַלטע וועלן קעלטער ניט ווערן . . .

מ'האָט דערלאַנגט די הייסינקע יויך מיט די לאָקשן —
אַ יידישע יויך, אַ שטיק פאַרגעניגן!
דער אורח — דער קוואַטש, הייבט אָן „כל מקדש"
און ציט די עצמות מיט זיין מאַגערן ניגון.
— עסט, פעטערקע, די יויך, כל־זמן זי איז נאָך הייס, —
זאָגט דער באַלעבאָס, — אייך וועלן מיר שפעטער־צו הערן;
אַ ייד דארף זיך כאַפּן צו לאָקשן צו הייסע,
די זמירות די קאַלטע
וועלן שוין קעלטער ניט ווערן . . .

## אַ שטיק ערד וואָס אויף אייביק...

... פאַר אַ קרקע דעם בלוטצאַפּער,
דעם פּראַצענטניק שמואל־אײַזע,
האָט חברה־קדישא פאַררײסן אַ משוגענעם פּרײַז...
די בנים געוואַלדעווען און צום מיראָוואַי —
אַ „דאַנאָס"!
רופט מען דעם גבאַי:
— ווי'טשאָם דיעלאָ?
פאַרוואָס?!

— פּאַני מיראָוואַי,
די מעשׂה דערפון איז אַזוי:
שטיקלעך ערד אונדזערע מתימלעך גיבן מיר רק אויף אַ צייט:
משיח וועט דאָך קומען —
דער טאָג איז ניט ווייט —
זיי וועלן אויפשטיין תחית המתים און אַנ'עק און אַ סוף!
אָט דער פּראַצענטניק, דער רשע,
איר קאָנט פרעגן ביים רב —
וועט תחית המתים ניט אויפשטיין — פאַרשאָטן, פאַרפאַלן!
ס'אַ שטיק ערד שוין אויף אייביק —
און ניט קראַנק זיינען זיי צאָלן...

## זיי קענען אויסטרינקען אַ ים...

... אַז דער ים־סוף ט'דערזען —
מ'טראָגט יוספס אָרון —
חברה קדישא גייט — די חברה פון טרינקען און זויפן,
איז „ראה וינוס" —
אָט די חברהליים קענען
אויסטרינקען דעם ים!
און ר'האָט אָנגעהויבן לויפן...

. .

## ביז זיי וועלן ניט זאָגן — אַ רוח נ׳זיי אַריין!

. . . געשטאָרבן „די צווייטע"ביים גביר ביי ר׳ שעיהן.
עס לויפן שדכנים —
מ׳רוקט אים „אַ נייע":
— אַ גביר אָן אַ יידענע — ס׳אַ חוזק! ניט שיין!
נאָר דער גביר דרייט אַ מוח —
ניט יאָ און ניט ניין!
— וואָס שפּילט איר אין שטומלשון;
ניט איר זאָגט, ניט איר רעדט?!
איז ער זיך מיישב און אַנטפּלעקט דעם סעקרעט:
— פאַר „דער ערשטער" האָב איך באַצאָלט, ווי עס צאָלט אַ גביר;
פאַר דער „צווייטער"
האָבן זיי שטיקער געריסן פון מיר...
איז ביז זיי וועלן ניט זאָגן —
אַ רוח נ׳זיי אַריין —
וואָס די „דריטע" וועט קאָסטן,
וועט קיין שידוך ניט זיין...

## אַן איידעמל אויף קעסט . . .

— אייך האָב איך גערופן ווי אַנ׳אורח „אויף ברכה",
ווער איז „דער קלאָץ", וואָס טעלעבענדעט זיך נאָך? . . .
— ניט געזאָרגט, באַלעבאָס, זיצט רואיק און עסט:
דאָס איז מיין איידעמל —
כ׳האָב אים צוגעזאָגט „קעסט" . . .

## צוויי מאָל אַ מת וויל קיינער ניט זיין . . .

. . „אָן קינדער אַ ייד
איז צו אַ מת געגליכן".
אויך דער קבצן, אַזוי שטייט, איז אין די מתים אריין . . . :
דערפאַר קינדלט דער אָרימאַן
אויף וואָס די וועלט שטייט:
„צוויי מאָל אַ מת" וויל קיינער ניט זיין...

## דער כלבוניק. . .

— איר זייט אַ כוהן און אַ לוי; און ווי כ'באַנעם מיט מיין מוח —
זענט איר גלאַט אַ ייד — אַ פאַרד...
— אַ פאַרד — כ'בין דאָס אויך...

## ווער איז מחויב...

אַ קבצן בן דלפון ז'אויף אַ חתונה געקומען
און דער בויך איז געווען
מיט בולבע פאַרנומען.
נאַר ווער זאָגט זיך אָפּ פון גבירישע פיש!
שטאָפּט ער די קישקע;
און גופא ביים טיש
ט'ער גענומען דער דלפון —
איר זאָלט אַנטשולדיקן אַלע —
מייקענען־ברעכן מיט דער גרינינקער גאַל...
ער גיט אָפּ דעם פלאָדן,
דאָס געבראָטנס,
די יויך
און טאַקע די קבצנישע בולבעלעך אויך...
ווערט דער באַלעבאָס שוין
מלא רציחה:
— אַרויס, שלים־שלימזל!
אַרויס פון שטוב גיכער!
כל־זמן דו מייקנסט, ווי ס'רעדט זיך,
מיט מיינעם,
קאָן איך צו דיר דאָך ניט האָבן קיין טענה;
נאַר ווער איז מחויב
צו קוקן אַשטייגער
ווי דו ברעכסט
מיטן פינצטערן דלות
מיט דיינעם?!

## איז וואס-זשע טוט גאָט —
## גנבע איך די קוואָרט...

— אַ גביר־אַנ׳אַדיר! קורחס עשירות!
און אַ זיידענער חסיד — אַ פרומער ביז גאָר;
כ׳וואַרף אַנ׳אייגל אויף איר —
„די יפיפיה״ — זי גייט
פראַנק און פריי אין די אייגענע האָר . . .
איז וואָס־זשע טוט גאָט?
איך שווייג, ניט קיין וואָרט,
איך גנבע אַוועק די זילבערנע קוואָרט . . .

## פון דער חברה-בצדק...

. . . ר׳ הלל זאָגט תורה,
ר׳ הלל זאָגט מוסר;
יעדן בודק די ציצית; די לייכטער די מעשענע...
און גיט ניט אַ גראָשן —
ר׳איז פון דער חברה־בצדק...
„בצדק״, מיין פריינט, איז:
„ביז
צו
דער
קעשענע״...

## „יפתח בדורו כשמואל בדורו"

(אַ וואָרט פון אַ מגיד)

— צי איז יפתח אַ גלייכעניש צו שמואל דעם ריז ?!
נאָר דער מנהיג מוז וואַקסן מיט זיין דור —
ווי ער איז . . .
דער גייסטרייכער שמואל מיט די נביאישע אויגן
וואָלט אין די צייטן פון יפתח
פאַר אַ פירער
ניט טויגן . . .

## די צוואה פון שמשון הגיבור . . .

(לויט א. ל. לעווינסקי)

. . . מיט די עקן פון פוקסן,
מיט אַ קאָפּ פון אַנאייזל
האָט שמשון צעמזיקט די יידישע פיינט . . .
און לויט שמשונס צוואה —
זיינען פיל פוקסן אי אייזלען
העלדן און קנאַקערס
ביי יידן ביז היינט! . . .

## גרויסע נסים פאַר מענטשעלעך קליינע

— „שווער ווי קריעת ים־סוף", —
ווי געשיקט זיך, ר' בער,
צו זאָגן בכלל ביי דעם אויבערשטן „שווער"?!
— גרויסע נסים פאַר מענטשעלעך קליינע
איז שווער, ביטער־שווער
פאַר דעם בורא אַליין!
גיי און מאַך באַנציע שוויג פאַר אַ קעמפער פון פרייהייט —
אים זאָג צו אַ בולקע, אַ שטיק פיש אויף צו קײַען...
שוין נאָך מתן־תורה נאָך דאָס ליכט בליציק־פריש,
האָבן די יידישע קינדער
געטרוימט וועגן פיש...
גרויסע נסים פאַר מענטשעלעך קליינע
איז שווער, ביטער־שווער
פאַר דעם בורא אַליין!

## דער „בעל-מחבר״...

1

— איר רופט אייער ספרל „יגע חכמה״,
און ווילט מיין „הסכמה״ —
אָט באַלד, אַדי רגע!
און דער לעמבערגער רב שרייבט אַן אויף פּויליש:
„צאָ יעגאָ, טאָ ניע חכמה,
צאָ חכמה, טאָ ניע יעגאָ״ . . .

2

— דו דאַרפסט אַ נאָמען פאַר דיין „ספר״ דעם גוטן, —
זאָגט מיט אַ שמייכל דער לערנער ר׳ משה, —
„יאָשע״ הייסט דו,
„אַ חושך״ ביסטו —
גיב אַ נאָמען:
„ישת חושך״.

3

— אויפן גאַס איז שטאָק-פינצטער;
איך וואָלט בעטן דעם רבין —
מיך זאָל אונטערפירן דער שמש; און דאָס האָט נאָך אַ מעלה:
מיר וועלן מקיים זיין
די הייליקע ווערטער:
„תלמיד חכם אל יצא יחידי בלילה״ . . .

— פאַראַן דערצו אַן׳עצה:
נעמט מיט זיך אייער „ספר״ —
אַז דער „בעל-דבר״ — דער קאָט וועט אייך „בינדן״ צו אייך,
גיט אים אַ קוק טאָן
אויף גיך אינעם „ספר״ —
גלייבט מיר, מיין פריינט, ער וועט „אָפּקערן״ גלייך! . . .

## ווער עס פירט אָן מיט דער וועלט . . .

(לויט מאַקסים גאָרקי)

. . . דער „גרויסער טימור" איז אַ לאָמער געווען;
ביים כאָן באַיאַזיד האָט אַן׳האַלב אויג געפעלט . . .
— אַ קלאָג צו די פעלקער! —
האָט טימור אים געזאָגט, —
אַז „צוויי קאַליקעס" פירן אָן מיט דער וועלט . . .

## ס׳האָט זיך גאָרניט געביטן . . .

אַ סענסאַציע:
דער „פּרינס אָוו וועילס" האָט פאַרביטן
די ענגלישע קרוין — אויף אַ קליידל . . .
— נאָר זיין קעניגלעכער טיטל האָט זיך כלל ניט געכיטן, —
ס׳דערקלערט ליידי סימפּסאָן גאַנץ איידל:
אין ענגלאַנד וואָלט געקיניגט אַלס „עדוואַרד דער אַכטער",
דער קרוינפּרינץ פון פאָלק דער באַליבטער;
ביי מיר, לויט מיין שטרענגן „פּערזענלעכן חשבון"
קומט אויס אַז ר׳איז
„עדוואַרד דער זיבעטער" . . .

## צער בעלי חיים...

— מיין האַנס, — זאָגט בערטאַ, — קאָפּירט נאָך דעם „פּירער",
ר׳איז אַ וועגעטאַריער און עסט ניט נאָר מילכיקס עד־היום.
— און דער „פּירער" אַליין? פרעגט ריטאַ בתמימות.
— ער עסט ניט קיין פליישיקס —
ס׳איז צער בעלי־חיים...

## אין כעלם און אין נאָוואָגראָד

אויף צו בויען דאָס כעלעמער הילצערנע בעדל
טראָגט מען „די בערוועגעס" נ'דער ברייט;
דאָס געסל איז „אַ קוימען",
און אַ גאַנצע זייט הייזלעך
צעמזיקט מען לעבעדיקערהייט . . .

— — — — — — — — — — — — —

צי דאָס איז אַנ'אמת, צי אַ „שטרויענע מעשה" —
ווער ווייסט: כ'בין דערביי ניט געווען!
נאָר אין נאָוואָגראָד,
אַרום זעכצן הונדערט און זיבעציק,
איז אַ מעשה אַזאַ־אָ געשען.
פון שוועדנלאַנד פאָרן קאַראָלס מאַרקיזן
צום רוסישן „פאַטערל" אַליין
אין אַ ריזיקן „קרוין־וואָגן";
זיי קומען קיין נאָוואָגראָד —
דער רוסישער טויער איז קליין!

— — — — — — — — — — — — —

— לאָזט איבער דעם וואָגן — כ'וועל אייך אַ זילבערנעם געבן,
ליבע געסט,
אונדזער טויער איז קליין, —
זאָגט דער גראַף שערעמעטיעוו.
— ס'איז ניט שיין פאַרן קעניג —
ניין, און נאָכאַמאָל — ניין!

— — — — — — — — — — — — —

ער בעט זיך ביי זיי „רחמים"!
נאָר עס וויל זיך ניט קריגן
מיטן וואָגן,
מיט די פערד פון אַ שכן . . .
און דעם נאָוואָגראָדער טויער,
וואָס דאָס פאָלק האָט געמייסטערט,
האָט מען במחילה צעבראָכן . . .

## השמח בחלקו

דיאָגען האָט געלעבט אָן אַ קינד, אָן אַ רינד —
תּמיד קלוג, תּמיד גליקלעך ווי דעם קייסערס אַ קינד!
זיין היים איז אַ פּוסטינקע פאַס אויפן גאַס;
זיין גוטס —
פון דער זון אַ גאָלדענער פּאַס . . .
אַלעקסאַנדער דער גרויסער איז פאַרליבט אין זיין רבין:
דאָס שענסטע און בעסטע וואָלט ער אים געגעבן! . . .
— איך בין פאַן־באַלעבייסל פון אַ גרויסן שטיק וועלט, —
זאָגט צו אים אַלעקסאַנדער, —
דו זאָג, וואָס דיר פעלט?
אַנ׳עלפאַנטביין־פּאַלאַץ וויל איך אויפבויען דיר!
אַ לופט־סאָד אויף פלעקער —
איך בין רייך אָן אַ שיעור . . .
— כ׳האָב אַ גרויסע בקשה, מיין מלך, מיין זון:
גיי אָפּ אָן אַ זייט —
דו פאַרשטעלסט מיר די זון . . .
— אוי, ביסט רייך!
און וואָלט איך ניט אַלעקסאַנדער געווען, —
כ׳שווער — איך וואָלט וועלן זיין אַ דיאָגען . . .

## די רוסישע היטלען

— דער צאַר איז אָן ביקסן, —
זאָגט דייוויד ללאָיד דזשאָרדזש, —
וויל ער דייטשלאַנד מיט היטלען פאַרוואַרפן, דער לץ!
נאָר אַז ווייַ וועט זיין אים,
אַז די רוסישע היטלען
וועלן בראַזגען די שויבן אין זיין „זימני דוואָרעץ״...

## אַז זיי זינגען וועלן זיי צאָלן ווי אַ טאַטע

. . . קאַרדינאַל מאַזאַריני ז'קיין קאַרגער ניט געווען,
און די פּראָווינציזן באַשטייערט ווי אַ קלעריקער קען:
פאַר האַנדלען, פאַר וואַנדלען, פאַר וועלף ניט געכאַפּטע —
בקיצור: דו צאָל ניט „פאַר וואָס",
ניט „פאַר ווען" . . .
ראָט מען אים:
— פּאַטערל, הער אויף אָט די שפּיל —
דער פּראָווינציז קען „אַ פּיק טאָן אין קאָפּ" אַז ער וויל . . .
זאָגט ער: חלומות!
אַמאָל פאָרט ער אין פּראָוואַנס
און הערט ווי מ'זינגט מיט האַרץ, מיט געפיל . . .
— זיי זינגען, די פּראָווינציזן; דו הערסט, גובערנאַטאָר? —
— אַז זיי זינגען,
וועלן זיי צאָלן,
מיין פריינט,
ווי אַ טאַטע . . .

## ווי דאַרף אויסזען אַן'אמתער אַריער...

אַפילו צווישן די „עס-עס-לייט", די קאַטן
זיינען געווען ניט ווייניק
שפּעטערלעך-יאַטן.
— ווי דאַרף אויסזען אַן'אמתער אַריער, פריץ? —
פרעגט אַ שטורמפירער דעם צווייטן אָפּט אין אַ וויץ.
— „בלאָנד" ווי היטלער;
ווי גערינג „מלא חן!"
הויך און וואוקסיק
ווי געבעלס אַליין...

# אַז ער איז קאָנסטאַנטין, איז זי קאָנסטיטוציע . . .

. . . אַלעקסאַנדער פּאַוולאָוויטש — דאָס פּאַטערל, דער צאַר,
מאַכט אַ שטאַרב אין טאַהאַן ראָג —
אוי, אַ בראָך, אוי, אַ גזר!
און קיין קרוין־זון ז'ניטאָ; עס דאַרף קיניגן אַ ברודער —
קאָנסטאַנטין,
צי ניקאָלאַי —
ווערט אין לאַנד אַ געררודער:
שוין אָפּגעשוואָרן „דעם", הייסט מען שווערן גאָר „יענעם" . . .
עס דערגייט ביז אַ בונט!
און אין סאַמע גיהנום —
הערט אויס אַזאַ חוצפה, אַזאַ שפּאַט, אַזאַ שאַנד:
מ'פאָדערט גאָר רעכט! . . .
אַ קאָנסטיטוציע דעם לאַנד . . .
און גראַדע די יעניקע,
וואָס שרייען „קאָנסטאַנטין!"

— — — — — — — — — —

די פּראָגרעס־אָפיצירן — זיי באַגרייפן דעם זין;
נאָר דערקלער איינס און צוויי
דעם דאָרף, דעם סאָלדאַט,
פונעם וואָרט „קאָנסטיטוציאַ" דעם אמתן פשט...

— — — — — — — — — —

— ברידערלעך־סאָלדאַטן! — רופן די בונט־אָפיצירן:
צאַר דאַרף זיין קאָנסטאַנטין!
ניט לאָזט זיך פאַרפירן:
ער איז עלטער! . . .
און אויב קאָנסטאַנטין רופט זיך „ער",
איז זי „קאָנסטיטוציע" —
דאָס פאַרשטייט אַבי־ווער! . .

## „צייט איז געלט" (TIME IS MONEY)

דער פאָטער פון דער ראָטשילד־מאַגנאַטן־דינאַסטיע —
אָשר אַנשיל פון פראַנקפורט ז׳ביט געוועזן ביי זיך גריי[illegible] —
ער גיט אַ נדבה,
נאָר צייט איז געלט.
זאָג בלויז איין וואָרט, אַניט, טרייבט ער אַרויס...
מ׳האָט אַ סך אַזוי פאַרטריבן;
פאַלט אַ ייד אויף אַ סברא —
ער קומט צום מאַגנאַט
און גיט אַ זאָג:
— „גמרא!"
יוערט ר׳ אַנשיל פאַרחידושט:
— וואָס מיינט איר דערמיט?!
— גוט
מאָרגן,
ר׳
אַנשיל! —
ענטפערט דער ייד,
— גיט
מעות,
ר׳
אַנשיל! —
איז מוסיף דער ייד.

## געטראָפֿן אין פּינטעלע...

אויפֿן ביילים פּראָצעס
אין געריכט־וועסטיבול
האָט פּראָנײַטיס אַ שמועסל פֿאַרפֿירט
מיט הרב מאַז״ה און דערציילט,
אַז אין זיין צימערל אין האָטעל
איז דער נומער אין צאָל פּירציק פיר.
— פּירציק פיר — גאַנץ סימבאָליש! —
שמייכלט צו דער ראַבינער;
פֿאַר אייך, שעף־קאַנאָניק, איז עס פּינקטלעך צום גראַם...
— פֿאַרוואָס? — פֿרעגט פּראָנײַטיס.
— איר זוכט דאָך בילבולים
פֿון בלוט, רק פֿון בלוט
און פּירציק פיר
דאָס איז דם...

## ער טוט ווי אַ חכם...

— דער מוזשיק, — זאָגט ללאָיד דזשאָרדזש, — ז׳אַ פּויליאַק
ווי זיין בער —
ער ווינטערט אויפֿן אויוון...
— ווי אַ חכם טוט ער! —
זאָגט אַסקוויט, — זאָל ער ווינטער, ווי אַ נאַר
נאָך קאַרטשען דעם קריזש
פֿאַר דעם פּריץ, דעם צאַר?!...

## „אַ לערער איז אַ טאַטע לויטן יידישן דין“ . . .

(פון די אַנאַלן פון דער וואַרשעווער געטאָ)

— איר קאָנט גיין, פּאַן קאָרטשאַק; איר זייט „אַ פּאָליאַק אַ רייַנער!“
— זאָגט העפלעך און הינטיש אַן „עס־עס־מאַן“ אַ שיינער . . .
— איר זייט „אַב׳אַריער אַ רייַנער!“
— איך, „אַ פּאָליאַק אַ רייַנער?“
און מיט וואָס זייַנען ניט „ריין“ אָט די קינדער די קליינע,
די יידישע, וואָס איר טרייבט —
איך ווייס דאָך וואוהין!
אַ לערער ז׳אַ טאַטע לויטן יידישן דין!
— אויב כ׳בין „אַ פּאָליאַק אַ רייַנער“, — זאָגט ער מיט שכל, —
— וועל איך גיין מיט מיין קליינוואַרג —
זיי דאַרפן מיין שמייכל . . .

## דער מחותן

דער בער גיט אויס די מיזינקע —
אין וואַלד איז אַ שמחה אַ גרויסע!
„ליבע געסט" גייען און קומען;
דאָס פוקסל — „דער בדחן" — רופט אויסעט:
— עס גייט „ר' לייבוש";
„ר' וואָלף" —
אַ וויוואַט פאַר זייער געזונט!
און פּלוצלינג — עס שפּאַנט ווי אַ כראַביע
אַהער,
אומגעבעטן,
דער הונט . . .
געקומען — פאַרפאַלן: מ'טרייבט ניט אַרויס!
נאָר וואָס זאָגט מען „אַ הונט" —
און דאָס פוקסל רופט אויס:
— שפּילט, כלי־זמר, אַ וויוואַט אַ גוטן:
עס גייט
„אַ פיינער
מחותן!"

## זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט,
## וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט . . .

מ'זאָגט — ס'זיינען דאָ וואו „געבילדעטע וועלף".
אין אַ ווינטער־נאַכט שפּעט, זייגער עלף,
קלאַפּט אַ וואָלף צו די שאָף:
— עפנט גיך —
אויס קריג; ס'איז געקומען משיח . . .
אָט איז אַ דעפּעש פונעם „כאָרגן־זשורנאַל" —
דאָ איז קאַלט, כ'וועל לייענען אין שטאַל . . .
איך באַגריס אייך, חברים!
פון היינט
איז דער וואָלף מיט שעפּעלע — פריינט! . . .
— — — — — — — — — — —
— דיין „זשורנאַל", וואָלף, קאָן בלייבן ביי דיר, —
זאָגט אַ שעפּסל, —
גיי אָפּ פון דער טיר!
און „אַ קלאָג" איז צו יענעם „משיח",
וואָס דער וואָלף איז
„זיין ערשטער שליח!"

## דעמיאַן בעדני און דאָס אייזל

ווי אלע פאבוליסטן,
האָט אויך ביעדני דעמיאן
מיטן אייזל קאטאָוועסלעך געטריבן . . .
— אויך דו, ברוט! — שרייט ס'אייזל, —
גיב, חבר, א קוק,
וואָס וועגן מיר אין חומש געשריבן:
אַז בלעם דער רשע
ז'אויף מיין קאַרק האַרט געזעסן,
און מיך גע'נהרג'ט־געשלאָגן אָן מאָס,
האָב איך גאָר ווי אַ מענטש
אַ „פה קדוש" געעפנט
און פּראָטעסטירט,
און געפרעגט אים: „פאַרוואָס?!"
— איי, אייזל בן אייזל,
צו וועלכן שוואַרץ יאָר פּראָטעסטירן?
דו וואַרף אים אראָפּ!
ער זיצט אויפן רוקן,
ער פּייניקט, ער מוטשעט —
אַ שליידער! און אין דר'ערד מיטן קאָפּ! . . .

## און שאַריק הערט און פרעסט . . .

(לויטן נוסח פון קרילאָוון)

מיט אַ זעמעלע — גלייך פון אויוון,
מיט אַ חומשל פון זשיטאָמיר
גייט אין חדר לעמל.
שפרינגט צו פון ווינקל שאַריק,
דער כלב שבכלים,
און כאַפּט אַוועק דעם זעמל.
טענהט צו אים דאָס יינגל:
— אַז דו האָסט מיין שפייז געלאַטכעטנט,
און דו ביסט אַ הונט אַ קנאַקער,
נעם שוין, בראַווער מאַרק־הונט,
מיין חומשל דאָס בייע
און גיי אין חדר טאַקע . . .
אָט אַזוי צום מאַרק־הונט
דברט לעמל פעסט
און שיקט אים גלייך אין חדר;
און שאַריק הערט
און פרעסט . . .

## אַ קלאָג צו דיר, לייב!

(לויטן פירישן וואַריאַנט פון עזאָפּס משלים)

— מיך זאָל קיצלען אין שלאָף אין מיין אייגענער הויז
אַ מויז! —
ברומט און דונערט דער לייב; און לויפט נאָך אַן אַן עק
נאָך אַ מייזל־אַ־שנוק . . .
דער פוקס זעט דעם קאַמף און טוט גלייך פונעם ראָג
אים אַ זאָג:
— אַז אַ קלאָג צו דיר, לייב, אַז דו פירסט מלחמה אַליין
מיט אַ מייזעלע־קליין! . . .

## הינטישע שטיק...

(לויטן סירישן וואַריאַנט פון עזאָפּס משלים)

... דער הונט האָט אַ ביס געטאָן דעם האָז,
אוּן דאָס בלוט באַלעקט איידל־פיין —
כמו, ווי געקושט;
אוּן דער האָז
זאָגט אים מיט אַ בייזער אריין:
— וואָס פאַר הינטישע שטיק,
אָדער בייס ווי אַ פיינט,
אוּן אויב קושן — טאָ קוש ווי אַ פריינט!...

## אַ טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן...

דער וואָלף האָט אַ בושעל געפּאַקט על פּי נס.
זאָגט אים דער בושעל:
צי אויף מיטן פרעסן!
איך וויל דיר באַווייזן,
כל־זמן איך בין גאַנץ,
פון טשייקאָווסקיס באַלעט אַ זעלטענעם טאַנץ...
— נו, באַווייז!
אוּן דער בושעל מאַכט אַ קרייז נאָך אַ קרייז,
טוט אַ שפּרונג אוּן אַ פלי:
— זיי געזונט, וועלוול־נאַר!...

— — — — — — — — —

קוקט דער וואָלף ביטער נאָך אוּן זאָגט פול מיט צער:
— אוּן ווי האָב איך „מיין באָבעס" צוואה פאַרגעסן,
אַז אַ טאַנץ
טאָר קיין מאָל ניט גיין
פאַרן עסן?!

## אַ גביר און — אַ חזיר . . .

(לויט אייזיק־מאיר דיק)

. . . דער הונט, — זאָגט דער תלמוד, — איז דער ביטערסטער קבצן;
דער חזיר איז רייכער פון יעדן גביר!
פּאַקט אים ביים אויער דער הונט און ער טענהט:
— אַז אַ קרענק אין די שמאַלציקע זייטעלעך דיר:
אַז דו ביסט אַ גביר מיט אַזאַ „עולם הזה״,
פאַרוואָס זאָלסטו זיין נאָך
„אַ טריפהנער חזיר״?!

## „דער שדים טאַנץ״...

. . . אַ פאַרדינסטפולער צדיק, אַ גייסטרייכער קענער
מיטן נאָמען נחמיה
האָט באַקומען אַ פּרעמיע —
אַ קאָסמאָס־רייזע איבער ד ע ר וועלט און י ע נ ע ר . . .

אַ שפּרונג אויפן מאַרס — דאָרט איז מדברדיק וויסט.
אין גן־עדן איז פיין . . .
אין גיהנום אַריין —
אַ טאַנץ־זאַל, אַ דושעז — מ׳טאַנצט גאָר „אַ טוויסט!״ . . .
טאַנצט ער אויך . . . ער ווערט מיד. אָט־אָט וועט ער פאַלן!!
ר׳וויל אָפּרוען אַ קאַפּ;
טוט ביז בלוט אים אַ קלאַפּ
אַ שד מיט „אַ קנייפּע״:
— אַריין, איז פאַרפאַלן!
אונדזער „שדים־טאַנץ״ טאַנצט מען גאָר אַנדערש אין גאַנצן:
איר ווילט ניט, צי איר ווילט —
נאָר כל־זמן עס שפּילט
די „גיהנום־מוזיק״,
דאַרפט איר „פּלאַצן און טאַנצן!״

## גיי און שמועס מיט אַ הונט פון משיח . . .

דער וואָלף מיטן שעפּסעלע דורכן פענצטערל טענהט:
— קום אַרויס אויף דער לאַנקע,
גוטער־ברודערל מײַנער!
פאַר מיר ב׳קאָ מורא —
משיח איז געקומען! —
אויס פײַנטשאַפט, אויס מאָרד . . .
מיטאַמאָל האָט גענומען
בילן דער הויף־הונט — מײַן בחור נעמט שפּאַנען . . .
— וועלוועלע־וואָלף, וואָס אַנטלויפסטו פון דאַנען? —
„אויס פײַנטשאַפט! אויס מאָרד!" . . .
— יאָ, יאָ, — זאָגט ער גיך, —
נאָר גיי און שמועס מיט אַ הונט פון משיח! . . .

## מוזט ברענגען „אַ ספּראַווקע"
## אַז דו ביסט ניט קיין קעמל . . .

. . . אַז דער בלוטיקער פערדינאַנד האָט גרענאַדאַ פאַרנומען,
די „מאַרוועַן" צעמזיקט,
ט׳ער זיך פאַר די קעמלען גענומען:
— ס׳אַן אַראַבישע ראַסע! אין דר׳ערד זיי אַנ׳אָרט . . .
איז ביטער;
און די קעמלען טוען לויפן פון דאָרט . . .
אין איינעם אַ טאָג זעט לעמל דער שוחט
אַ „פערדל בן קליאַטשע" — ער יאָגט, ער לויפט אויכעט . . .
— וואָס יאָגסטו זיך, פערד? וואָס לויפסטו אַזוי גיך,
מ׳זוכט דאָך רק „קעמלען"?!
מ׳מיינט דאָך ניט דיך!
— דער אויסזען, „דער עק" — דאָס איז גאָר ניט, ר׳ לעמל:
מוזט ברענגען
„אַ ספּראַווקע",
אַז דו ביסט ניט קיין קעמל . . .

## דאָס גלעקל הענגט אויפעט אַליין...

(לויט לעוו טאָלסטאָי)

ביי די מייז גייט „אַ פּלענום",
אַן „עקסטראַ־פאַרזאַמלונג".
זייער אומגליק איז מוראדיק גרויס:
דער „מזיק"־די קאַץ,
אַ קלאָג צו איר קאָפּ!
„פאַרטיליקט" אַ מויז נאָך אַ מויז . . .
גיי היט זיך, אַז זי פליט
פוכיק־שטיל אויף די לאַפּקעס,
ווי אַ שד: ט'איז זי דאָ, ט'איז זי דאָרט . . .
— ברידערלעך־חברים,
כ'האָב „אַ גאָלדענע עצה" —
נעמט מייזעלע־מייזל דאָס וואָרט, —
מ'דאַרף אויפהענגען אַ גלעקעלע
דער קאַץ אויפן האַלדז,
און מיר'ן אַלעמאָל הערן, ווען דער „מזיק" וועט גיין . . .
— „די עצה" איז אַנ'עצה, —
ט'מען ר' מייזלען געזאָגט, —
נאָר „דאָס גלעקעלע" דער קאַץ הענגט אויפעט אַליין! . . .

## דאָס פליען ווי דאָס פליען, דאָס זעצן זיך איז אַנ'אומגליק

. . . און דאָס בערעלע האָט געפּאָלגט —
אַ פלי געטאָן פונעם בוים —
זיך צעמזיקט — אָט־אָט גייט ער אויסעט...
— נו, זיך אויסגעלערנט פליען?
— דאָס פליען ווי דאָס פליען;
דאָס זעצן זיך
איז אַנ'אומגליק אַ גרויסער...

## צו דעם פוקס מיט אַ שאלה אויף קעז . . .
### (פונעם רוסישן פאָלקלאָר)

צוויי מזיקים — צוויי קעץ, מיט שאַרף־קלוגע נעז
האָבן בשותפות געגנבעט אַ היטעלע קעז.
אוועק צו דעם העקער —
צעהאַקט אויף צוויי שטיקער;
צייט צו אָכלענען שוין!
נאָר ניט דאָס איז דער עיקר:
קעצישע אויגן זיינען קרום — דאַכט זיך זיי,
אַז ניט ריכטיק,
ניט גלייך זיינען די העלפטן די צוויי —
רייסט מען זיך ווי קעץ פאַר די קעפּ, פאַר די האָר!
— הער מיך אויס, ברודער:
צו וואָס שלאָגן זיך גאָר?
לאָמיר גיין מיטן קעז
צו דעם פוקסעלע־פּײַן —
וועט ער פּסקנען, אַזוי וועט עס זיין . . .
זיינען אַוועק צו דעם ריכטער די פערדישע קעץ;
דער פוקס ט'זיי באַגעגנט;
שיין־פּײַן באַזעצט.
ער הערט אויס די שאלה מיט שכל, מיט קאָפּ:
— „די פּײַדעס" זיינען קרומלעך —
מ'מוז „גלייַכן" אַ קאָפּ . . .
ער בײַסט אָפּ אַ ברעג פונעם גרעסערן שטיק,
ווערט דער חלק דער צווייטער טראָגעדיק־דיק . . .
און ער „מעסט" און ער „בײַסט" אָן אַ סוף, אָן אַנעק,
און די פערדישע קעץ
זיינען הויל־בלויז אַוועק...

— — — — — — — — — — — — —

זיי דערציילן זייער אומגליק דעם הונט אויפן גאַס —
שיט ער נאָך זאַלץ און זאָגט אין אַ שפּאַס:
— אַז אַ קלאָג צו אייך, קעץ, מיט די שאַרף־קלוגע נעז,
אַז איר גייט צו אַ פוקס
מיט אַ שאלה אויף קעז . . .

## די היינטיקע קעצעלעך...

(מאַרטאַווסקע מעשׂהלעך)

— ס'אַראַ הונט פֿון אַ קאָטער! — דערציילט אין מערץ אויפֿן פּידאַשעק
קעצעלע מורקע איר שכנטע מאַשע:
זינגט מיר ראָמאַנסן אַלץ העכער און העכער,
שלעפּט מיך אַרומעט
איבער בוידעמער, דעכער —
„מור־מור" און „מור־מור" — טאַ אַהין, טאַ אַהער;
און דערציילט מיר צום סוף,
אַז „ער איז ניט ער"...
די היינטיקע קעצעלעך — ווייסט זיי דער שווארציאַר!
פֿאַרפּוצט ווי דער שד,
ווי ביים גלח די האָר...
און צום סוף לאָזט זיך אויס,
אַז „ער איז ניט ער"...
און אַ מייסטער אויף שפּרינגען אי אַהין, אי אַהער;

## אַנ'אמתע חתונה איז אַ חתונה מיט קלעפּ...

— קום, ברודערקע פּיקהאַלץ, — שמועסט דער וואַלדשנעפּ אים איין, —
מיט מיר אויף אַ חתונה —
עס וועט פֿריילעך דאָרט זיין!
ביי די גלוכאָרן — די טויבקעפּ ז'היינט אַ חתונה — אַ גוואַלד!
— — — — — — — — — — — —
געפֿלויגן,
געקומען,
און ביי די גלוכאָרן אין וואַלד
גייט אַ פּאַטשעריי — אַ מלחמה — אַ שרעק...
— אָדאָ איז די חתונה...
— וואָסער חתונה — ס'אַ געשלעג!...
— ניט אומזיסט, גוטער ברודער, רופֿט דיך די וועלט
שוטה בן פּיקהאַלץ, —
זאָגט דער וואַלדשנעפּ און קוועלט;
שוין צייט דיר צו וויסן, — זאָגט צו אים דער שנעפּ, —
אַז אַנ'אמתע חתונה
איז אַ חתונה מיט קלעפּ!...

## „למה יאמרו"־יידן
(לויט א. ל. לעווינסקי)

1

. . . „גוטע יידן", „רעפאָרמער־יידן",
„רויטע יידעלעך" און פאַרשיד'נע . . .
און צום דעם פּעקל, צו דעם רומל
זייט מוסיף
די למה־יאמרו־יידן . . .

2

אויף ביקאָנספילדן —
דעם שטיקל יידן —
ט'דער צאַר אַ קוק גאָר ניט אַ גוטן!
שרייבט אין בלאַט קאַגאַל בערדיטשעוו:
„מיר זיינען מיט אים ניט קיין מחותן" . . .

3

און טאָמער זאָגט אַ גרויסע שליפּע
אַז דרייפוס ז'טאַקע
אַ פאַררעטער,
שרייבט פון יעקאַטערינאָסלאַוו
דער פרנס העקער:
„דרייפוס איז אונדז ניט קיין פעטער"...

## און וואו שטייט געשריבן,
## אַז אַ רב מוז זיין אַ ייד?...

— זיין ביי יידן אַ רב,
און אַליין ניט קיין ייד! —
שיסט אויס אַ געלעכטער דאָס שרייבערל פריד,
שוויַיג שוין: פון דיר וועלן דאָך לאַכן די הינער!
— לאָך, לאָך,
נאָר אַ טייל פון די הערן ראַבינער
אין אונגאַרן־לאַנד, אַזוי שרייבט דער „וואָסכאָד״
האָבן פייערלעך פאַרזיכערט די מאַכט,
דעם סינאָד,
אַז זיי האָבן זיך
צום סאַן פון ראַבינער דערהויבן,
נאָר זיי זיינען
מאַדיאַרן
פון משהס גלויבן...

## די ליטוואַקעס

— אָט ליטוואַקעס,
די וואָס זאָגן „כ׳האָב האָלד פיס״, און ניט — „פיש״, —
זאָגט שיקע אָדעסער, — זיינען אַ ציבעלע ווערט!
ווי דער פסוק דערציילט: אַלע זאָגן „שיבולת״,
דער ליטוואַק דאַרף זאָגן
„סיביילעס״ — פאַרקערט!
איר הערט נאָר דיבורים:
„פון וואו זייט איר? „וואו פרייט איר זיך?״
און אַז ר׳באַגעגנט אַ ליטוואַק, דער אָדעסער שיע העשל,
שיט ער אויס גלייך:
— איך „פריי מיך״ אין שענקל,
און „זייען״ זיי איך „נאָר פונעם פלעשל״...

## אַ כינעזער זאָגט אויך אַ גוט וואָרט...

צוויי כינעזער מיט צעפּלעך, מיט אייגעלעך קאַסאָקע
שפּאַצירן ווי געסט אויף דער הויפּט־גאַס אין קראָקע.
שפּאַנען פונהינטן צוויי יהודים —
צוויי קעפּ —
און מ׳קוקט גאָר פאַרגאַפּט אויף די כינעזישע צעפּ.
פאַרפירט זיך אַ שמועס:
— פאַראַן יידן אין כינע?
— ניטאָ קיין שום יידן אין דערדאָזיקער מדינה!
און ווי קומט עס, יאָשע, אַז דו זאָלסט ניט וויסן
אַזעלכע־אָט פּשוטע, געוויינטלעכע זאַכן?!
גיט אַ זאָג דער כינעזער,
נאָר מיט יענעם פּה קדוש:
— זייט ניט קיין יאָלדן,
ט׳מען פון אייך, ברידער, ניט לאַכן!...

## שטיקלעך יידן...

— גאַנצע יידן אין גלות — טשעפּעט זיך אָפּ:
ביי דעם ז׳אַ יידיש האַרץ,
ביי יענעם — דער קאָפּ,
ביים דריטן איז דאָס פּינטעלע ייד אויף דער נאָז.
און וועגן איינעם אַ פויגל האָבן די לצים געשריבן:
ניט קיין יידישער קאָפּ, ניט קיין יידישע נאָז,
נאָר די פליגן אין דער נאָז
זיינען די יידישע פאַרבליבן...

## אי געיידישט, אי געטובלט...

(אַ מעשׂה שהיה)

. . . דאָס פּאָרעלע ז'אַ „געמישט"...
ווערט געבוירן אַ יאַטל —
זאָגט ער:
— כ'מוז אים „יידישן"; געזאָגט און געמאַכט!
אין אַ טאָג — ר'קומט אַהיים —
ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד!
און זיי שטעלן זיך אַריין קוים־קוים זייגער אַכט...
— וואָס איז די מעשׂה?
— אוי, ס'אַ ווייטער מהלך:
איך האָב היינט אַרקאַשקען
געטובלט
ביים גלח...

# אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען!

(לויטן נוסח פון איציק פעפער)

פּעטער דער גרויסער ז׳געווען
דער אמתער יונג מיט בייגער:
אַ טאָקער,
אַ שמיד
און אַ באָצמאַן,
אַ דאַנטיסט, וואָס קאָן רייסן ציינער.
און אָט ווערט אַ שדכן גאָר פּעטער —
פּירט קאַרליקלעך אַ פּאָרעלע צונויף;
און פּראַוועט אַ חתונה—אַנ׳אויסנעם
אין מענשיקאָווס פּראַכטפולן הויף.
אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען —
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיין מאָל ניט געזען!
דער חתנדל יאַקימושקאַ,
זיין פּאַזש איז מלא חן!
די כלה איז אַ לויפּערקע
ביי דער קייסערטע אליין.
געבענטשט האָט זיי אַ גלחל —
דערלאַנגט ער ביזן טיש;
די סאַרווערלעך — אַלע קאַרליקלעך —
פּילן אָן די פּיש . . .
אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען —
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיין מאָל ניט געזען!

די באַיאַרן, וואָס האָבן קאַרליקלעך
ט׳ער באַפּוילן:
— מאַכט אַפּגיך
ענגלישע גאַרניטערלעך,
מענטעלעך, רויטע שיך!
— — — — — — — — — —
טאַנצן אויף דער חתונה
די קאַרליקלעך לוסטיק־פריילעך;
גיסט זיך אין די בעכערלעך
דער וויין כיד המלך!
אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען —
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיין מאָל ניט געזען!

געקלעזמערט האָבן קאַרליקלעך
אויפן צימבל, אויפן באַס;
אַ קאָזעק גייט די גוואַרדיע
גלייך אין מיטן גאַס!
— — — — — — — — — —
אַט קנאַלן אויף דער נעווע שוין
די האַרמאַטעלעך — ס׳איז שפּעט!
און פּעטער פירט דאָס פּאָרעלע
מיט פּאָמפּע
גלייך צום בעט . . .
אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען —
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיין מאָל ניט געזען!

## דער געשמיסענער חתן . . .

. . . אויף די מאַנעוורען אין נידערלאַנד
האָט פּעטער דערזען
„אַ יונגע" מיט ריין־יידישע שטריכן —
ניט אַ מאַטראָסל — אַ מלאך!
און פּעטער באַוואונדערט
זיין שאַרפזין, זיין שיינקייט, זיין „קריכן"!
אַהין און אַהער —
און אַנטאָן דיוויער —
דער יתום פון אַנ׳פגעשמדטן יידן —
ווערט פּעטערס אַ פּאַזש,
דערנאָך — גענעראַל,
און ער איז מיט זיין גורל צופרידן!
ער איז פּעטערס אַ ליבלינג;
נאָר די באָיאַרן—די בערן
קוקן קרום אויפן צאַרס פאַוואָריט . . .
אַנטאָן זוכט אַ כלה
„מיט גאָלד און מיט יחוס"
און זוכן קיין סך טוט ער ניט:
מענשיקאָווס שוועסטערל אננאַ —
אַ מויד אין די יאָרן —
איז „אַ בילד!" און אַ רייכע ביז גאָר —
ס׳אַ „זיווג פון גאָט!"
ר׳טוט אַלעקסאַנדערן אַ זאָג —
דעם קניאַז שטעלן זיך דיבאָם די האָר:

— אך, דו כלב!

א רוח זאָל

אין דיין „יידישן טאַטן" —

כ'וועל דיר באַווייזן וואו עס ווינטערן ראַקעס!

אַנו, חברה, דערלאַנגט אים!

און מענשיקאָווס כאַלאַפּעס

מימתן אים מיט בלוטיקע מכות . . .

— — — — — — — — — — — —

פּעטערן איז די מעשה

ווייט ניט געפעלן —

ער גיט מענשיקאָוון אַ לייטישן חלק:

— דו וועסט שמייַסן „מייַן חתן"?!

— — — — — — — — — — — —

שפּיל די חתונה זונטיק!

— — — — — — — — — — — —

אַ באַפעל פונעם צאַר — דאָס איז הייליק!

## רובינשטיין, גיט אַן־עצה

. . . נאָכן שפּילן (זי האַלט, אַז זי שפּילט גאָר־גאָר שיין),
גיט דאָס פרייַלין אַ זאָג
צו אַנטאָן רובינשטיין:
— און וואָס ראָט איר מיר איצט,
מאַעסטראָ אַנטאָן?
— איר זאָלט חתונה האָבן און קריגן אַ מאַן...

## פעטערבורגער משומדים

. . . טאַלאַנטן־שטערן משומדים:
מעדוועדיעוו,
כוואָלסאָן,
רובּינשטיין;

דער באַזינגער פונעם „קבר דוד" —
שפּיראָ קאָנסטאַנטין אַליין . . .
צו כל־נדרי אין אַ סעדל
זיצן זיי פאַרבּענקט זיך דאָרט:
— כוואָלסאָן־
ברודער,
ישיבה־בחור —
זאָג אונדז כאָטש „אַ יידיש וואָרט!" . . .
— „אלוהי עד שלא נוצרתי",
זאָגט ער, —
מיר זיינען ביזן שמדן ניט צופרידן;
„וכשנוצרתי כאילו לא נוצרתי":
און אַלע וויסן —
מיר זיינען יידן! . . .

## כ׳האָב אים געהאַלטן פאַר אַ לייטישן מענטשן...

. . . דראַגאָמיזשסקי ז׳געווען
אַ שרייבערל אין פּאָליציי.
—— בלאַגאָראָדני! — זאָגט אַ סטאָסקע צום פּריסטאַוו דעם אַלטן,
דראַגאָמיזשסקי ט׳אָנגעשריבן
„אַנ׳אָפּער"...
— וואָס רעדסטו!
און איך האָב פאַר אַ לייטישן מענטשן אים געהאַלטן...

## אַ גבאַי אין סאַנקט־פּעטערבורג...

. . . דער שלוש סעודות, דער עלינו,

דער פאַרשפּיגענער ממזר,

וואָס די מאַמע האָט יאַקבי ניט גאָר כשר געהאַט,

זיינען געקומען פאַר סליחות אין דער פמליה של מעלה —

אַזוי צו זאָגן — מיט אַ טענה צו גאָט:

— ביי יענע צוויי סעודות אי מע קידושט, מע קוגלט, —

ס׳איז ליהודים!

דער שלוש סעודות קומט אָפּ מיט אַ קיַי!...

— אַלע תפילות באַקרעכצט מען, מ׳באַזינגט מיט חזנות,

צום עלינו אַנטלויפט מען, —

ווער־ניט־ווער טוט אַ שפּיַי...

— און וואָס בין איך שולדיק, — זאָגט דער ממזרשער קאָפּ, —

אַז מיין פאַרשטאָרבענע מאַמע ט׳מיך ניט כשר געהאַט?...

— די קריוודע ז׳אַ קריוודע!

איר האָט אַלע אַ תיקון! —

ז׳געקומען דער הייליקער ענטפער פון גאָט:

— דו, שלוש סעודות, ביזט מאָגער — ניט מע קידושט, מע קוגלט,

ביסטו פול דאָך מיט תורה,

מיט ניגונימלעך שיינע!...

דו, מיין לויבליד, ניט דאגה: ראש השנה צו מוסף —

וואו הייבט ער אָן קנאַקן דער חזן? —

ע ל י נ ו!

דו, ממזרשער קאָפּ, קויף אַ צילינדער, אַ פראַק;

עברי דאָך קענסטו;

רוסיש קנאַקסטו אַ קאָזאַק!

קיין סאַנקט־פּעטערבורג פאָר אַריין כאָטש אום שבת,

קנאַק אַ רעדע אויף רוסיש,

וועסטו ווערן דאָרט גבאַי...

## אם תעזבני יום, יומים אעזבך

„אַ טאַלאַנט — דאָס איז אַרבעט, אַרבעט אָן אַ סוף״.
**פ. שאַליאַפּין**

— אַז איך שפּיל ניט אַ טאָג, — זאָגט אַנטאָן רובינשטיין, —
דערפּיל איך עס גאַנץ גוט אַליין;
טרייב איך דעם לאַדער טעג גאַנצע צוויי,
דערפּילן עס מיינע פריינט נאָך דער ריי;
עפּן איך דריי טעג דעם קלאַוויר גיט בכלל,
דערפּילט עס
דער עולם
אין זאַל...

## כ׳האָב געכאַפּט אין די ציין וועט עס גיין

**(אָפּערע פאָלקלאָר)**

... אַ זינגער־אַ שטערן מוז אַ משוגעסל פאַרמאָגן:
אַ קערטל,
אַ קליידל;
איינער מוז זיך גאָר שלאָגן...
גייט ער אַרויס מעשה־מענטש, שטיל און פיין,
איז: פּישי „פּראָפּאַלאָ!״ — ס׳איז ניט אויס און ניט איין...
— — — — — — — — — — —
איז געקומען אַמאָל אַזאַ קנאַק־גאַסטראַליאָר —
אָט־אָט דאַרף ער זינגען;
פּאַקט ער איינעם פון כאָר:
— פאַרוואָס ס׳טו מיך געשאָלטן, דו אַזויגער, דו איינער!
טראַכט ניט מיין בחור
און פאַרפאַרט אין די ציינער...
— אוי, אַ דאַנק דיר, קאָלעגע,
כ׳האָב געכאַפּט אין די ציין —
איצט איז אין אָרדענונג! אַצינד וועט עס גיין...

## ער איז ניט „באַצמאַן" און ניט „לאַצמאַן"...

— איר וואָלט אָנקומען אויף אַרבעט
אויף אונדזער טאַנקער —
זייט איר, בירגער, „אַ לאַצמאַן", אַ „באַצמאַן" אוודאי...
ענטפערט דאָס יידל:
— כ'בין ניט „לאַצמאַן" און ניט „באַצמאַן";
איך אַליין בין גאָר
קאַצמאַן אַרקאַדע...

## לענינגראַדער חוזקלעך
(לויט אַרקאַדי רײַקין)

1

. . . זי טראָגט די הויזן, און דו, פּריינט עפּרעם,
קאַשעוואַרעסט — ווי דער דייטש זאָגט:
מיט זעעלע אונד לײַב...
— ביי אונדז, ברודער־לעב,
איז אַ וואָכן־סיסטעם —
איצט איז מיין וואָך
און איך בין דאָס ווייב...

2

— אין רעמאָנט „גיך און באַלד" האָבעך אָפּגעגעבן די נייע הויזן —
זיי פּאַרטשעפּעט מיט די ליזשעס אין מאַרט,
— האָסטו געצויגן מיטן אָפּגעבן ביזקל איצט, ביזקל מאַי?!
— אָפּגעגעבן האָב איך גלייך! —
אַדאָס זיך איך און וואַרט...

3

— האָבעך געקויפט ביי אייך אַ בענקל, געקויפט היינט האָב איך...
— געקויפט און געקויפט — וואָס נאָך? זאָגט אויף גיך!
— זיך אַנידערגעזעצט — אויס בענקל, חבר פּראָדאַוועץ!
— איז וואָס ווילט איר פון מיר?
ניט באַדאַרפט זיך גלייך זעצן!...

## די „אייזערנע לאָגיק" פונעם פרומען כאַליף

(לויט י. ב. לעווענזאָן)

. . . אין ביבליאָטעק ז׳פאַראַן אַ שלל ביכער אָן שפּאָר —
צו וואָס ?

צו וועלכן „שוואַרציאַר" ? ! —

זאָגט אָמאַר :

אויב אין זיי איז „בלויז אמת" פאַראַן,

איז דאָך דאָ ביי אונדז „דער קאָראַן" !

אויב חלילה נייעס

אין זיי שרייבט זיך גאָר דאָרט —

פאַרברענט זיי גלייך אויפן אָרט !

## אני ואפסי עוד . . .

(אַ ווערטל פון אָסקאַר ווײַלד)

— רופט אָן אונדז בכלל, —

בעט ביי ווײַלדן אַ טערק, —

פון דער ליטעראַטור „די הונדערט בעסטע ווערק" . . .

— איך קאָן דאָס ניט טאָן, מיין הויכגעשעצטער פריינט :

איך האָב בלויז פינף ווערק

אָנגעשריבן ביז היינט . . .

## קורץ און שאַרף

(געשיכטלעכער שאַרזש)

— לאָמיר זיך, סאַוואושקע, אויף אַ הונדערטער וועטן —
כ׳וועל פּאַרטיידיקן מיין גלח׳ל גוט! —
זאָגט דער באַוואוסטער פּלעוואַקאָ, — און מ׳וועט אים באַפרייען
נאָך מיין „רעדע״
פון בלויז צוויי מינוט . . .

אויף מאָרגן זיצט סאַוואַ מאָראָזאָוו און הערט
די פּאַרטיידיקונגס־רעדע:
— מיינע זייער געערטע
„געשוואוירענע ריכטער״; צוואַנציק יאָר פּלעגט איר
אָט דעם „פּאַטערל״ דערציילן די זינד;
ער פּלעגט „בעטן מחילה״ . . .
שוין קאָנט איר ניט, ברידער,
אים „מוחל זיין״ איין מאָל אַצינד?!
אַוואַציעס אין זאַל. מ׳שרייט „בראַוואָ!״, ״אַלרייט!״
און דאָס גלח׳ל האָט מען באַפרייט . . .

## רעדט מיט אים אויף זיין לשון...

(פון די בוכאַרער מעשׂהלעך)

עס מוטשעט זיך אינעם טייכל אַ מענטש,
מ׳שרייט: „גיב גיכער אַ האַנט!״
און גאָרנישט — נעבעכטיקער טאָג! כאַטש נעם און שריי צו דער וואַנט! . . .
— ס׳איז דער קאַרגער יולדאַש, וועלכער גיט ניט קיין גראָשן, —
זאָגט כאָדזשאַ נאַסרעדין, —
„רעדט מיט אים אויף זיין לשון!״ —
ער וועט „קיין האַנט אייך ניט געבן״ — ר׳זאָל אַפילו „פּגרן״ אין טייך!
שרייט: „נאַ דיר אַ האַנט!״
וועט ער כאַפּן זי גלייך! . . .

## דער לץ

(לויט דעם פוילישן וואַריאַנט)

. . . פול מיט פאַרבן, מיט קלאַנגען איז דער מירמעלנער זאַל —
היינט איז ביים קיניג אַ באַל!
ער שוויצט דער דעספאָט, אַלע געסט קוקן מיד
פונעם פונש, פון די טענץ, פונעם ליד.
— מאַרשעליק, צו מיר!
— וואָס'ז דעם מלכס באַגער?
גלייך שאַף מיר דעם הויף־לץ אַהער!...
— דער הויף־לץ, צי וועט ער, צי קען ער איצט גיין:
דער לץ — ער צעגייט אין געוויין —
זיין טעכטערל, זיין לאַראַ, איז געשטאַרבן,
און אַצינד
באַוויינט ער זיין אוצר — זיין קינד!
— אַך, דער שפּעטער, דער שטערער — ער וויינט, ר'איז אין טרערן —
גאַנץ פיין: אַדאָס ווילן מיר הערן . . .
— — — — — — — — — — — — —
נאָר דער לץ האָט די שיכורים זיין טרער ניט געבראַכט —
ער דערשטיקט זיינע ווייען, ער לאַכט . . .
— — — — — — — — — — — — —
— ווידער געלעכטער! — מיר דאַרפן עס ניט, ניין!
ביי דיר איז אַ צרה, טאָ וויין!
מיר וועלן היינט הערן, ווייַנען דו וועסט
פאַר מיר, פאַר די גאַר הויכע געסט . . .
— אַ, קיניג, דיין מלכות, דיין גאָלד איז צו קליין
אויף צו קויפן מיינע טרערן די ריינע . . .
— אַך, דו קרעציקער קנעכט! —
עס הילכט אָפּ אַ קנאַל:
דער לץ ליגט דערשאָסן . . .
מ'טאַנצט פריילעך אין זאַל:
היינט איז ביים קיניג אַ באַל . . .

## אַ גוטער סימן

— דער מאַרקגראַף פאַן לעמקע ז״א פילאָסאָף געוואָרן —
ער דרייט שוין אַ מוח
פון גאָט און פון וועלט, —
האָט געזאָגט לודוויק בערנע:
דאָס איז אַ סימן,
אַז ער ליגט אין דער אדמה און פאַרלאָרן דאָס געלט . . .

## מנחם־מענדל...

— אם כן, — זאָגט בראָדסקי, — אַז איר זייט מיין טאַטנס אַ קרוב,
פירט אָן מיט מיין בורעקעס־סקלאַד אין פראַסקורעוו.
— בורעקעס, פע! — ציט דער קרוב מיט די פלייצעס, —
לאָזט מיך ביי זיך:
איך וועל זיין ביי אייך אויף עצות...
— געמאַכט! איר וועט קריגן אַ רעכט־פיינעם לוין,
און גלייך צו דער אַרבעט!
כ׳דאַרף אַנ׳עצה אָט־שוין:
באַטראַכט גוט מיט קאָפּ, שטיקל פריינט פון מיין פאָטער,
און גיט מיר אַנ׳עצה,
ווי מ׳ווערט פון אייך פטור...

## די חכמה פון שלמה המלך (אַ פאָלקס־מעשׂה)

דער טאַטע שרייבט —

אַט לייענט, מלך, גלייך:

„מיך ירשנען זאָל דער לייטישסטער פון אייך"...

אַט זיינען מיר דריי, געזונט ווי די שטיינער,

נאָר ווער לייטיש, ווער ניט,

זאָג, מלך, אַליין!

— איך בין ווייט פון אַ נביא; איך קאָן דאָס ניט וויסן!

נאָר זאָגט מיר, ברידערלעך,

קענט איר גוט שיסן

מיטן פייַל אויסן בויגן ווי בראַווע סאָלדאַטן —

אויב יאָ, ז'דאָ אַנ'עצה:

בינדט צו דעם טאַטן

צו אַ סלופּ און גייט אַ מהלך פון אים אָפּ;

און דער שיסער דער בראַווער,

וואָס וועט טרעפן אין קאָפּ,

יענער ירשנט...

— געמאַכט! — זאָגן צוויי ברידער גיך;

דער דריטער,

פאַרביטערט,

זאָגט:

— מלך, נאָר איך

בעט, ווי אַ קנעכט, דיך זאָל ניט פאַרדריסן,

נאָר איך אין מיין טאַטן

וועל קיין מאָל ניט שיסן...

— — — — — — — — — — — — —

— דיר געפעלט ניט מיין עצה! — האָט דער מלך אַ טענה, —

נאָר ניט שרעק זיך, מיין קינד:

די ירושה איז דיינע!

## ווען שמייסט אַ ציגיינער...

— איך — מיין ציגיינערל
שמייס אָפּ אַפּריער —
קען ער גיין קאָפּ אַראָפּ, נאָר ר'וועט די מייטקעס ניט רייסן...
דיין פּאַוולאָ האָט די מייטקעלעך
די נייע שוין צעריסן,
טאָ שרייב אָן „פּראָפּאַלאָ!" —
צו וואָס נאָך דאָס שמייסן?!

## נאָך ביטערע קלעפּ איז גרינגער צו צאָלן...

(ציגיינער־שע מעשהלעך)

— אַ זאַק ציבעלעס געגנבעט —
גיב איך דיר דריי ברירות:
אַ פירטל זאַק ציבעלעס פרעס אויף אין אַ שעה;
אָדער קריג פופציק קעצלעך, —
זאָגט דער פּריץ געלאַסן, —
אַניט — גיב צען קארבן אויפן שטעל אָט־אַ־דאָ!
ווען צאָלט אַ ציגייגער?...
ווער וויל קריגן „קעצלעך"?!
נעמט ער ציבעלעס פרעסן — ער ווערט שיעור ניט געדראָלן.
ער מײַקענט;
ער עקט!
ער איז מסכים אויף קלעפּ;
און צום סוף ט'ער געמוזט
די צען קארבן באַצאָלן...
— — — — — — — — — — — — — —
— ס'טו דאָך געקאָנט צאָלן גלייך
און ניט קריגן קיין שמיץ,
און ניט פרעסן קיין ציבעלעס — שיעור ניט ווערן געדראָלן?!
— פאַרשטייסטו מיך, פּריץ:
נאָך ביטערע קלעפּ
איז גאָר עפּעס אַנדערש —
איז גרינגער צו צאָלן...

## אַחרון, אחרון חביב

— ווי קומט עס, הער געטע,
איר זאָלט ניט זיין ביי דער לויה
פונעם גרויסן שילער? מ׳וועט דאָך ווייס איך וואָס דענקען!...
— די צונגען די בייזע
באַרירן מיך כלל ניט;
נאָר שילערן מיין פריינט
וויל איך אַ לעבעדיקן געדענקען!...

## אַפילו די גנבים האָבן דעם יושר פאַרלאָרן...

(פונעם אוקראַינישן פאָלקלאָר)

— . . . אַ בהמלע טוט זיך קעלבן יעדער יאָר — דאָס איז קלאָר;
און די שקאַפּע פערדלט זיך
אַ יאָר נאָך אַ יאָר —
איז בהמות — אי מיר עסן, אי ס׳איז דאָ אַן אַנ׳עק,
און אויף פערד איז אַ דוחק...
— מ׳גנבעט זיי אַוועק...
— דאַרפן זיי זיין דאָך ביים גנב?!
— „ס׳ניט אַמאָליקע יאָרן!" —
גיט מיקאָלע טאַראַסן די זאַך צו פאַרשטיין:
אַפילו די גנבים
האָבן דעם יושר פאַרלאָרן
און זיי גנבענען היינט שוין ביים גנב אַליין...

## ניט גוט און ניט שלעכט...

(פונעם דענישן פֿאָלקלאָר)

— מיין ווייב ז׳געוועזן אַנ׳אַלטע.
— איז ניט גוט ברודער, טאַקע!
— און ניט אַזוי שלעכט —
זי האָט פֿאַרמאָגט די ממתקים...
— איז דאָך גוט, אויב אַזוי!
— ניט זייער שטאַרק.
מיין אַלטע איז געפֿאַלן
און זיך צעמזיקט אין פֿאַרק...
איצט האָב איך אַ יונגע.
— איז דאָך גוט!
— ניט אינגאַנצן:
זי דאַרף מיך אויף כּפּרות —
זוכט
אַ בחור
אויף טאַנצן...

## משה, וואָס שווייגסטו!

אַז מיקעל אַנדזשעלאָ האָט
זיין „משה״ געמאַכט,
איז ער געווען ווי פֿאַרכישופֿט פֿון דער פּלאַסטישער פּראַכט.
— ביי גאָט, אַז ער לעבט!
און ער זאָגט אויפֿן אָרט:
— משה, וואָס שווייגסטו?
זאָג אַ לעבעדיק וואָרט!

## די כשרע תפילה

(פונעם דייטשישן פאָלקלאָר)

אינעם קעלנער מאָנאַסטיר
„די מוטער גאָטעס״
האָבן געלעבט און געדאַוונט גרעטכען און לאָטאַ.
— דו האָסט היינט, גרעטכען, געדאַוונט גאָר־גאָר אַ סך, —
זאָגט לאָטאַ צו גרעטכען...
— און וואָס איז דיין זאַך ?!
— דו דערציייל! קאָנסט פאַרטרויען מיר ווי אַ מאַמען אַ גוטער...
— היינט האָב איך געבעטן
ביי דער געטלעכער מוטער
(נאָר זע, פרומע ציג, און מעקע ניט אויס...)
אַז ביי מיר
מיטן פאַסטעכל
זאָל עפּעס אַרויס...

## אַ בין מיט שוואַרצע לאָקן

(פונעם רומעניִשן פאָלקלאָר)

— פון וואו־זשע קומסטו אין מיטנאַכט, ליאַנא —
איך בין אַ טאַטע, כ׳וויל דאָך וויסן!
— פון אַ גאָרטן פול מיט פוייִלינג —
מיך האָט דאָרטן
אַ בין געביסן...
— די בינען שלאָפן שוין אין בינשטאָק —
ניט זיי קושן,
ניט זיי בייסן...
— ס׳איז געווען אַ בין מיט שוואַרצע לאָקן,
אין אַ העמדעלע אַ ווייסן...

## מאַכט ער פּיסקעס, אויקעט, קוואַקעט,
## נאָר לייגן זיך — בלאַ!

ביי מיין רייכער
מומע דוואָשע
איז דאָ אַ הון אַ גרויע;
מאַכט זי פּיסקעס —
קוואָקעט, קוואָקעט,
נאָר לייגן זיך — בלאַ!
— — — — — — — — —
דעם פּעטער איטשע
אַז מ׳דערציילט אים
פון יתומימלעך קרענקלעך בלויע
מאַכט ער פּיסקעס,
אויקעט, קוואָקעט,
נאָר לייגן זיך — בלאַ!

## אויף אַ פּאָסט דאַרף מען זיין פאַר דער צייט
(פונעם רוסישן פאָלקלאָר)

. . . דער פּאָליצמייסטער זאָגט מוסר
די סטאַזשניקעס און שרייט:
— אויף אַ פּאָסט דאַרף מען, שליאָפּע,
זיין פאַר דער צייט:
אויף אַ ספּעקטאַקל, וואו ס׳וועט זיין דער גענעראַל-גובערנאַטאָר —
ווען ס׳שטיל און די ערטער נאָך פּוסטינקע זענען;
אויף אַ גבירישער שׂרפה דאַרפסטו, ברודערקע, זיין
נאָך איידער
דאָס פייער
ט׳אָנגעהויבן
ברענען...

## ביי מיין עולם-גולם איז דאָס אויכעט אַ נס...

. . . דאָס נייאינקע גלחל, צי ר'האָט פאַרגעסן, פאַרהערט,
נאָר דעם מופת מיט די פיש
ט'ער דערציילט פּונקט פאַרקערט:
— איז יעזוס געגאַנגען אינעם זון־גלי פון מאַי
אין דער מדבר אַן שפּייז מיט תלמידים
מיט דריי,
און געפונען האָבן זיי פּירציק
געוויאַנזעלטע פיש;
האָבן זיי תפילה געטאָן, אָפּגעריכט אַ טיש;
געגעסן צו דער זאַט;
און טוט אַ קוק — אַ נס —
די פיש האָבן געסטײַעט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת...
שרייט דער גלח דער אַלטער:
— ס'איז מיטן קאָפּ דאָך אַראָפּ!
וואָס איז דאָס פאַר אַ מופת,
דו פערדישער קאָפּ!
פּירציק פיש
אויף דריי מענטשן
אויף אַ גאַנצן מעת־לעת?...
ביי מיין עולם־גולם איז דאָס אויכעט אַ נס...

## „ראָדינאַ-מאַט"

— וועגן גאָט, פּאַני סאָקאָלאָוו, שרייט איר: „איינער" ז'פֿאַראַן!
און „פֿאָטערלענדער" ט'איר צוויי — אי דאָ, אי אין כנען...
— אונדזער פֿאָטערלאַנד איז דאָ, פֿאַן פּילסודסקי, פֿאַן גוטער;
און דאָרט איז, ווי דער רוס זאָגט:
„אונדזער ראָדינאַ-מוטער"...

## אַזאַ „גוט-מאָרגן", אַזאַ „גוט-יאָר" . . .

— איר דאַרפֿט געלט אויף צו פֿלאַנצן
דעם „יער אוסישקין",
גייט אין „יער הרצל" — כאַפּט „די בערן" דאָרט אויסעט . . .
— אין „יער הרצל" די בערעלעך
זיינען „מאַבינקע" נאָך!
אָט אַ געלט-בער ווי איר, וואָלטן מיר כאַפּן אַזא גרויסן . . .

## אַ שטיק לאַנד...

(אַ שטיקעלע גמרא)

. . . מ׳האָט רבי יוחנן דערציילט, אַז אין בבל, אין גלות,
זיינען דאָ „טיפּע זקנים״ מיט זילבערנע בערד...
— „אריכת ימים״ אין גלות? — האָט זיך רבי יוחנן פאַרחידושט; —
מאריך ימים זיין קאָן מען
ביי זיך אויף דער ערד! . .
— זיי קומען פאַרפרי און פאַרנאַכט אין די שולן . . .
— אָט דאָס איז די זאַך! — וועיזט אָן מיטן האַנט
דער שיינער רבי יוחנן; —
די שולן, זיי זיינען
אַ גליד־שטיקל ערד פונעם הייליקן לאַנד . . .

## ס׳אַ בפירושע גמרא...

דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם פון קיעוו ז׳געשטאָרבן כ׳ תמוז, —
ווילן די ציוניסטן אים דערמאָנען צום יאָר;
נאָר כ׳ תמוז מאַכט מען
יאָר־איין, יאָר־אויס
נאָכן דאָקטאָר הערצל אַ גרויסע הזכרה —
איז וועמען צום ערשטן? . . .
מ׳אַמפּערט, מ׳קלערט,
נאָר גאָרניט — ס׳איז פּוסטע חלומות, אַ בוידעם!
— וואָס קלערט איר, — זאָגט אַ שוחטל, —
ס׳אַ „בפירושע גמרא״:
„טעאָדאָר (תדיר) ושאינו טעאָדאָר —
טעאָדאָר קודם״ . . .

## די טרוקענע דיכטער...

„די טרוקענע דיכטער" האָט יעקב הייכאָרן גערופן
די ליטווישע משוררים אַלע:
— ווי קומט צו די ליטוואַקעס ליריק,
אַז זיי עסן
איינגעמאַכטס פון רעטעך מיט חלה! . . .

## שטראַם-גראַם . . .

חיים צבי לערנער האָט טענות צו אָדם הכהן:
— „מיים חיים" צוזאַמען דאַרף זיין גוט מן־הסתם;
נאָר דאָ „מים"־„מלעיל"
און „אין בויבעריק" „חיים" —
דאָס איז קידער מיט ווידער און ס׳האָט ניט קיין טעם!

## מה נשתנה . . .
(לויט אליעזר צווייפל)

— ביי אונדז יידן גייט אַלץ קידער־ווידער, אַז אַ סדר:
גמרא פאַר „פסוק";
יעדער בעלפער ז׳אַ תנא . . .
און דאָ ז׳אַנאָוונט — איין אויסנעם
מיט אַ פראָגראַם, מיט אַ סדר, —
קוקט פאַרחידושט דאָס קינד:
— וואָס איז דאָס — „מה נשתנה"?!

## חיים צבי לערנער פון דובנע

— ס׳איז ביי מיר אָן שום צווייפל, —
זאָגט אויף לערנערן צווייפעל, —
אַז ער לאָזט אויף זיין ווייב ניט אַ בלאָז טאָן א ווינטעלע!
פונעם ווייב צען מאָל מער
האָט ער האָלד לשון־קודש...
נאָר פאַרליבט איז ער אין „דגש״ —
אינעם מאָגערן פינטעלע...

## אַ נ ד ר . . .

. . . און ציפּע קריינע ט׳דערשמעקט, ווי אַ יידענע קען,
אַז ביי שעפּע איז „די גוטע מינוט״,
און באַפוילן מיט שטאַלצקייט:
— גיב מיר, שעפּע, אַ נדר,
אַז אַ סוף, און מער טרינקסטו ניט! . . .
— „אַ נדר״ — מהיכא תיתי; ביזט גערעכט, חיות מיינס!
כ׳טו אַ נדר, ווי איך בין אַ ייד!
איך שווער ביי מיין באָרד, אַז „אַ סוף צו דעם גלעזל״
און טרינקען מער וויל איך שוין ניט!
— — — — — — — — — — — — —

אַוועק אַ פּאָר טעג — אונדזער שעפּע האַלט וואָרט,
כאָטש אין האַרצן טוט דאָס ווערמל נאָגן;
און אָט איז שוין דאָנערשטיק — ער שפּאַנט מיט זיין ציפּען
און העלפט איר דאָס קאָשעקל טראָגן.
פאַרביי דורך אַ שענקל — זיי קוקן זיך איבער;
דורך אַ צווייטן — זי כאַפּט אַזש אַ שמייכל . . .
גאָר שעפּע איז אַ ליטוואַק!
און ביים שענקל ביים דריטן
טוט ער אַ זאָג איר מיט שכל:
— וואָס זאָגסטו אויף דיין שעפּע — איך קאָן האַלטן וואָרט:
איך בין ווערט, בנאמנות, אַ כוסה!
איז „צי אויף אַ ווײַלע״, מיין חיות, מיין קרוין,
וואָרט אַ רגע —
איך קום שוין אַרויסעט . . .

## אַ שיכור בלייבט אַ שיכור !...

(לויטן מדרש)

... און ר׳האָט דעם טאַטן דעם שיכור געהאַלטן אין שטוב
און אים צוגעשטעלט „דאָס גלעזל״ טאָג־טעגלעך אַהיים.
איינמאָל גייען זיי אין גאַס,
און „אַ שיכורע־אַ לאַטורע״
זיך וואַלגערט אין ראָוו אין קויט און אין ליים...
דער זון פירט אים צו.
— טו אַ קוק אָקאָרשט, טאַטע,
ווי דער שיכור זיך וואַלגערט,
ווי דער חזיר אין בלאָטע...
— איך זע!...
און ער גיט זיך צום שיכור אַ קער,
און פּרובירט מיט אים שמועסן אַהין און אַהער...
— וואָס האָסטו געשמועסט מיט אים, טאַטע, אַזוי פיין?
— כ׳האָב געפרעגט:
וואו מ׳קריגט היינט
אַ גוט גלעזל וויין?...

## דער „אָבער טרינקער״ יאָסל דזשאָב

1

... „והחי יתן אל לבו״ —
טייטשט יאָסל דזשאָב:
— אַז מ׳לעבט דאַרף מען אַ כוסהלע מאַכן!
אויף בראַנפן, זייט וויסן,
גיט דער אייבערשטער יעדן,
נאָר מ׳פאַרטוט עס
אויף אַנדערע זאַכן...

2

— „לא המתים״ —
נאַ טאָים סוויעטיע —
טשי דאַדוט, טשי־ניע דאַדוט,
שוין גלייכער, —
זאָגט יאָסל —
„וויפּיעם, בראַט, טוט״...

## נעמט אַ קאָפּ בראָנפן און דולדט ניט דעם מוח

דער גביר מאַכט פיין קידוש. עס שטייט בראָנפן אַ פלאַש;
דעם אורח זאָגט ער:
— טוט זיך, פעטער, אַ וואַש:
„ופּת לאורחים" — דאָס האָב איך אין זינען;
אויף בראָנפן דאַרף מען
אַ „רמז" געפינען . . .
— רמזים אויף בראָנפן — ביז הונדערט און העכער:
פילט אָן „מיט אַנ׳אויג" דעם זילבערנעם בעכער.
אָט נעמט „פּרו ורבו" — די מצוה די גרויסע,
און צעטיילט דעם „פּרו" אויף איינציקע אותיות —
איז: „פּערעד ריבי וואָדקאָ",
„פּאָסלי ריבי וואָדקאָ" . . .
— אויסגעצייכנט! — זאָגט דער גביר בעזבאָראָדקאָ.
— — — — — — — — — — — — —

— אין דעם „פרײלעכן אַלעפבייס" געדענקט איר, מחותן:
פילט אָן וואָס גיכער אַ בעכער אַ גוטן —
„אביונים ההולכים איבער די הייזער,
ושותים יין אין די ברייזער —
אלו ואלו צועקים „חי":
אַ טרינק בראָנפן פּאָדאָוואַי!

און ער „זאָגט"
און ער „זויפט" אָן אַנ׳עק אָן אַ צאָל;
דער באַלעבאָס ווערט צעפּלאַצט און שרייט אויס מיטאַמאָל:
— גענוג שוין געדאַרשנט — עס קלעקט ניט קיין כוח!
נעמט אַ קאָפּ בראָנפן,
און דולדט ניט דעם מוח!

## דבר זה כתוב בתורה . . .

— און וואו שטייט אין דער תורה,
זאָג מיר, יאַנטעלע־סערדצע,
אַז מ׳טאָר ניט גיין אַן אַ היטל ?
— איי, פייטעלע־פייטל, דו פרעגסט ווי אַן עם־הארץ ! —
ענטפערט אים יאַנטל מיט ביטול :
אַז גאָט זאָגט אברהמען :
„לך־לך״ — גיי !
נעם, אברהמעלע „דאָס וואַנדערונג־קוויטל״ ;
איז ווי שטעלסטו זיך, פייטעלע, פאָר —
זאָג אַליין :
איז אברהם געגאַנגען אַן אַ היטל ? . . .

## ער ווערט פון דער באָמבע ניט נתפעל . . .

(צייַט־הומאָר)

— די „באָמבע פון אַטאָם״ — סאַראַ שרעק : זי טוט גראָבן
אַכט איילן ב׳דער טיפקייט, איר הערט ? !
— און איך, — זאָגט גמליאל, —
ווער פון איר ניט נתפעל :
ליגן ליג איך דאָך „נייַן איילן אין דר׳ערד״ . . .

## אַברהם אָבינו...

(לויט י. ח. ברענער)

— אברהם האָט, הייסט עס,
מקיים געווען די תורה
און אַפילו דעם דין פון אַנ׳עירוב תבשילין,—
זאָגט דער שטיק אַפּיקורס...
— הער אויף! — שרייט אַ בחור, —
פון דער גמרא צו שפּעטן!
הער אויף שוין צו בילן!
— איך שפּעט ניט, כ׳דערצייל גראָד
ווי די מעשׂה ז׳געווען!
אברהם טוט אָן פיין
די זשופּיצע, די ברילן
און זאָגט:
— גיב מיר, שׂרהלע,
אַ פליגעלע און אַ קוילעטש —
ס׳איז שוין שפּעט —
מ׳דאַרף מאַכן
אַנ׳עירוב תבשילין...

## תזל כטל אמרתי...

— אויב אויף מאַניפּאָרגע־שפּראַך
איז „אמרתי" — מיין שוויגער —
מאַניפּאָרגע־שפּראַך איז אויף פּרענקישע ווערטלעך ניט קאַרג —
וועט אויסקומען טייטשן, —
זאָגט איציקל בדחן:
„תזל" — זי זאָל געשוואָלן ווערן
„כטל" — ווי אַ באַרג...

## מסכת לצים...

1

— דיין פעטער ר׳ יאָקל איז נפטר געוואָרן...
גלאָצט אויס אַ פּאָר קעלבערנע אייגעלעך מאָטע:
— ניפטער־פּיפטער —
וואָס דולסטו דעם פּודל?!
דו זאָג מיר דעם עיקר:
פּרנסה האָט ער?...

2

— „ויעפּילו״ — זיי זיינען אַראָפּגעפּאַלן,
„לעלות״ — אויף אַרויפצוגיין —
ס׳איז דאָך לשון שטראָם־גראָם? — פרעגט דאָס שוסטערל יויזעק.
— ביסט גערעכט! — זאָגט אים חייקל, —
און טאָקע דערימעד
מאַכט דאָרטן רש״י:
„לשון חוזק״...

## אָפּגעל'ייגט די שריפה . . .

דאָס שטעטעלע כעלעם
איז צוקער־זיס געשלאָפן,
חוץ דעם שמש דעם קלוגן ר׳ חנא:
ער קרייזלט דאָס בערדל,
וואַרפט אַ קוק אויפן הימל —
איי, אַנ׳אומגליק, עס ברענט די לבנה! . . .
אַ שפּרונג צו דעם קופּערנעם
גלאָק וואָס פאַר שריפות:
גלין־גלאָן! — אַ געוודער אַרום —
אַ געלויף!
און אָט פאָרט
דער וואַסערפירער קיווע
מיטן פאַס, מיט דער קליאַטשע דער קרומער . . .
דערוויל ט׳די לבנה
זיך געוויסט און געזילבערט,
און ר׳האָט פאַרשטאַנען זיין טעות, דער גולם:
אויס שריפה. גאַנץ רעכט!
נאָר מ׳דאַרף דאָך וואָס זאָגן
דעם וואַסערפירער, דעם גאַנצענעם עולם! . . .
— גייט, ברידערלעך, אַהיים! —
זאָגט דער קאָפּ־מענטש דער שמש:
זייט רואיק! איר זאָלט זיך ניט זאָרגן . . .
פאָר קיווועלע אַהיים,
לייג שלאָפן דיין קליאַטשע,
די שריפה
האָט זיך אָפּגעלייגט
אויף מאָרגן . . .

## די כעלעמער פשרה...

פאַר אַ מי שברך דעם קראַנקן טוט מען אַ נדר,
און דאָס גייט אויף די שמשים־דלפנים...
דאָס רבל פון כעלעם שרייט:
— געוואַלד, גיט אַ חלק!
איך בין רב — וואָס האָט דאָס פאַר אַ פנים?!

— — — — — — — — — — — — —

האָבן די זיבן חכמים אַ פשרה געפסקנט,
און אויסגערופן אין די בתי־מדרשים:
— „אַ קליינע קרענק" — דעם רבל פון כעלעם;
— „אַ גרויסע קרענק" — די שמשים!...

# אַ כעלעמער שענקער טוט זיך אַן־עצה...

... אויף דעם ערב־פסח האָט דאָס כעלעמער רב׳ל
אַרויסגעשיקט דעם שמש גאַנץ פיין
מיטן דעמבענעם פעסל
צו די שענקערס פון כעלעם,
זיי זאָלן שיקן דעם רב׳לע ווײַן...
— אַז אַלע גיסן ווײַן,
און דער ווײַן איז „צו שטאַרק״, —
פאַלט אויף אַ שׂכל ר׳ ניסל, —
איז וואָס וועט דעם רבי׳לע שאַטן, אַשטייגער,
אַז כ׳וועל אָנגיסן
וואַסער אַ ביסל ?!...

— — — — — — — — — — — —

וואָס די איבעריקע שענקערס האָבן געזאָגט און געטאָן
און וואָס זיי האָבן געגאָסן אין פאַס,
איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד;
נאָר דער שמש ט׳געבראַכט
דער רבין
אַ פעסל
מיט וואַסער...

## פאַראַן יראים וואָס ס׳פּעלט זיי אַ קלעפּקע

— „רצון יראיו יעשה
ואת שועתם ישמע ויושיעם״ —
דערקלערט מיר אָט דעם וואָרטשפּיל, דערקלערט מיר, ר׳ יהושע:
אַז דעם ווילן פון די יראים
טוט גאָט דערפילן זיי,
איז אַלץ דאָך גוט און פיין —
צו וואָס נאָך דער געשריי?...
— פאַראַן „יראים״, וואָס ס׳פּעלט זיי
ניט איין קלעפּקע, שמעיה:
אין אָנפאַנג טוט מען ווילן,
נאָכדעם
נעמט מען שרייען...

## זיי בעטן אים אויף ווייטער; ער — בעט אַנ׳הוספה...

... צי דאַרף כעלעם דאָס שטעטעלע צוויי רבנים, צו וואָס,
אַז אַ יאַיכעלע קאָכט מען נאָר
די קראַנקע אין די בעטן...
זאָגט דאָס פּני צו איין רב׳ל:
— זייט, רביניו, מוחל:
זוכט אונטער אַ קנעלעכץ; מיר מוזן זיך גטן!...
— ס׳אַ באַזונדערע זאַך, — זאָגט דאָס רב׳ל, —
און איך
בין אייך מודיע
אַז כ׳וויל אַנ׳הוספה ביי אייך בעטן...

## הערשעלע אָסטראָפּאָלער

1

— מ׳פּאָרקעט דאָרט, הערשל,
כ׳קען שווערן — ס׳אַ גנב...
— שווייג, יידענע, שטיל, האָסט שוין כ׳לעבן דערעסן!
זאָל ער „פּאָרקען" דער גנב —
ר׳וועט אַ קרענק וואָס געפינען!
און אפשר וועט ער
עפּעס לאָזן, פאַרגעסן...

2

— צו וואָס ברענגסטו מיר אורחים, —
מאַכט די הערשלקע קולות, —
צו דעם ליידיקן לאָקשנטאָפּ, גאָט זאָל פאַר די רייד מיך ניט שטראָפן...
— ניט שרעקט אייך, ר׳ ייד! —
זאָגט הערשל צום אורח, —
אָט איז אַ קאַנאַפּקע —
טוט זיך אויס, לייגט זיך שלאָפן...

3

... ניטאָ דער רבי — כאַפּט הערשעלע דעם שטריימל,
בענטשט די יידענע מיט קינדער...
זאָגט לייבעלע שוחט:
— דער שליסל צו קינדער
איז דאָך נאָר ביי צדיקים!...
— אַז דער שליסל ז׳ניטאָ,
איז גוט אַ טשוואָק אויכעט...

## „אַ ליגן אומגעטראַכט"

— קריגסט, הערשעלע, אַ קאַרב, — זאָגט דער נגיד און לאַכט, —
אַ ליגן אונדז זאָג אומגעטראַכט . . .
טוט הערשעלע אַסטראָפּאַליער מיטן פינגער אַ דריי:
— בלויז אַ קאַרב!? —
איר האָט צוגעזאָגט צוויי . . .

## צורת מטבע . . .

— און ווי ז'אייך „ניט מיאוס", — האָט „די וויסטע עגונה"
הערשעלען געגעבן אַ חלק, —
„שיטן זאַלץ אויף די וואונדן",
זאָגן תמיד קאַפּויר
פונעם רבין אַליין פונעם הייליקן?!
דער רבי ער טרייסט מיך:
„גייט אַהיים; ער וועט קומען" . . .
איר ברומט ווי אַ נאַכט־הונט, אַז גיין...

— דער רבי — ער זעט דאָך ניט אייך, —
די מטבע!
איך, מומענקע, זע אייך אַליין...

## מ׳דאַרף קענען פירוש המלות...

. . . דער צאַרסקע טשינאָווניק ט׳ליב געהאַט אַ קערבל,
שרייט ער אויס:
— „נאַדאָ זשדאַט!" — ס׳כאַפּט אַ גרויל אַזש, כ׳לעבן!
זאָגט איציק:
— ניט שרעק זיך! דער בחור מיינט פשוט:
— „נאַדאָ זשדאַט" —
מ׳דאַרף עפּעס געבן...

# איך בין אַנ׳עקשן — ביי מיר פירט מען ניט אויס...

צווייַ פֿאַרביסענע עקשנים שטאָלצירן־באַווייזן —
וואָס הייסט:

זיין אַנ׳עקשן פֿון שטאָל און פֿון אייזן:
— איך שריי „איך״; זי שרייט „ווער״ —
דאָס הייסט: זאָג איר דעם נאָמען —
זי דערקענט שוין מיין קול ניט, מיין קווייט, מיין נחמה!
נאָר איך בין אַנ׳עקשן — ביי מיר פירט מען ניט אויס
און נעכטיק,
פֿאַוואָלינקע,
א ווינטער־נאַכט
אין דרויסן...

— — — — — — — — — — —

— וואָסער צאָן טוט דיר ווי? — פרעגט דאָס דאָקטאָרל שטיין.
—ביסט א דאָקטאָר,
ביסטו ניט קראַנק דאָס צו וויסן אַליין!
און איך זאָג ניט — כ׳בין אַנ׳עקשן!
ביי מיר פירט מען ניט אויס!
און ער טאַסקעט
א צאָן נאָך א צאָן מיר אַרויס...

## טיילווייזע ביבליאָגראַפיע

דער מחבר האָט אין פאַרלויף פון יאָרן געהערט די מעשיות און משלים אָדער געלייענט אין די שריפטן פון פאָלגנדיקע יחידים און מחברים:

הערשל טורעווסקי, גרשון גורעוויטש, א. באַיאַר, י. מאַזור, אַרקע שניידער, פון זיידן מענדל שוחט (קעשענעוו), הרב יצחק העכטמאַן, (פון מאָנטרעאָל, קאַנאַדע), י. מיסולאָווין, ל. זעליקמאַן, א. ל. לעווינסקי. משה גלוך, פיניע מינקאָווסקי, מ. טיטונסקי, א. רומער.

הרב פנחס טייץ (פון עליזאַבעט, ניו־דזשורזי), בנימין משכיל, לוי פריבלודאַ, הרב שפּיראָ (פון קעשענעוו), י. ניחאָמאָווסקי, מ. בעלאָוס, שלמהלע גרינבערג, מ. מאַרקמאַן, פנחס הינשפּאַרג, הרב קראָל (לענינגראַד), זלמן דער שמש (לענינגראַד), א. ברוקמאַן, ד. פּעסאַק, ר׳ יעקב סעדיה, פון פּעטער אברהם שינדער (קעשענעוו), שמריהו לעווין, י. ה. ברענער, ר׳ משהלע דיין (קעשענעוו), י. ל. גורדון, אליקום קרעמער, זלמן דער מוליער, פייוויש זובצאָוו, חיים לעוו. חזן ברוך אַראַנאָווסקי, יצחק בער לעווינזאָן, מאַקסים גאָרקי, שוחט ל. אַלעקסאַנדראָווסקי, ש. אַנ־סקי, א. פּאַפּירנאָ, שובינסקי, נפתלי הערץ חידקל.

עזאָפּס משלים, ל. נ. טאָלסטאָי, א. צווייפל, קרילאָוו, דער דובנער מגיד, ליבאַוויטשער חסידים, אַרקאַדיע רייקין, יאָן קריאַנגאָ, אוקראַאינישן, רוסישן, ליטווישן, בעלאָרוסישן, דייטשישן, בוקאָווינע, רומענישן פאָלקלאָר, ציגיינערשע מעשעלעך, אוזבעקיסטאַן, וועליזשער, מעשהלעך וועגן כאָדזאַ נאַסרעדין, לויט די מעשהלעך וועגן מהר״ל מפּראָג, לויטן מדרש, זכרונות פון י. ל. פּרץ, דרוש ספרים, לויט דער הקדמה צום „קדושת לוי״ און אַ חסידישער מסורה א.א.

פּראָפ. דב נוי

# נאָכוואָרט

אַ סך פאָלקלאָריסטן און קולטור־פאָרשערס האַלטן אַז איינער פון די „תיקונס״ פון פאָלקלאָר און פאָלקסשאַפונג (און אַ תיקון פירט, ווי ס׳איז באַוווּסט, צו אומשטערב־לעכקייט, צו השארת הנפש...), איז די אינטעגראַציע, דאָס אַרײַננעמען פון די פאָלקס־מאָטיוון וואָס עקסיסטירן אין פאָלקסדערציילונגען, פאָלקסלידער, ווערטלעך, שפּריכ־ווערטער, רעטעניִשן און אַנדערע פאָלקלאָר־זשאַנערס, און וואָס לעבן אין מ י נ ד ל ע־כ ע ר פאָלקס-איבערליפערונג, — אין דעם ל י ט ע ר אַ ר י ש ן, געשריבענעם אָדער געדרוקטן, קולטור־אוצר. שרײַבערס, פּאָעטן, דראַמאַטורגן, און אַנדערע מחברים, באַ־ניצן דערציילערישע מאָטיוון, שורות און סטראָפעס פון פאָלקסלידער, ווערטלעך אאַז״וו, ווי פונדאַמענטן און ציגל פאַר זייערע ליטעראַרישע בנינים; זייערע צוגעגעבענע באַ־שרײַבונגען, עלעמענטן פון פּסיכאָלאָגיזאַציע, זייער ברייטער פאַרנעם און „לאַנגער אָטעם״ — די אַלע עלעמענטן זײַנען דער צעמענט וואָס אין זײַן זכות וועט דער בנין האָבן אַ קיום און בלײַבן שענער, שטאַרקער און אייביקער. די גרעסטע, אַזוי גערופענע קלאַסישע וועלט־שאַפונגען, באַזירן זיך, סײַ אין די מיזרח־ און סײַ אין די מערב־ליטעראַטורן, אויף פאָלקלאָר־עלעמענטן, אַ מאָל אַפילו אויף גאַנצע פאָלקלאָר-איינסן, וואָס זײַנען געווען גוט באַקאַנט סײַ דעם לייענענדיקן עולם, און סײַ די שאַפערישע מחברים.

און מיט איבער פערציק יאָר צוריק האָט ד״ר יעקב שאַצקי געשריבן (ייִוואָ בלעטער, אָקטער באַנד, 1935, ז׳ 71): „די פאָלקס-פּאָעזיע איז פון פאָלק געקומען אין סאַלאָן אַרײַן, און אַ פּראָספּער מערימע, פּושקין, בעראַנזשע, הײַנע, מיצקעוויטש, רישאַרד בערווינסקי א״אַ האָבן עסטעטיש גענאָסן זייער אַ סך פון פאָלקלאָר״. דער אמת איז אַז ד״ר שאַצקיס רשימה לאָזט זיך אויסברייטערן אין אַ סך ריכטונגען, און מע קען אַרײַנרעכענען אין איר אויך האָמערס עפּאָסן, אַ סך פון די תנכישע דערציילונגען און פּאָעטישע פּרקים, שעקספּירס דראַמעס, געטעס „פאַוסט״, און אין אונדזער דור — די שאַפונגען פון די צוויי ייִדישע נאָבעל-ליטעראַטור-פּרײַז לאַורעאַטן: ש״י עגנון און אים צו לאַנגע יאָר — יצחק באַשעוויס־זינגער. די ווערק פון די צוויי לאַורעאַטן זײַנען אײַנגעזאַפּט מיט ייִדישן פאָלקלאָר און דער פאַקט האָט ווי באַוווּסט באַאײַנפלוסט (צווישן אַנדערע גורמים) די זשוריסטן פונעם פּרײַז.

דער באַניץ פון פאָלקלאָר מצד פאַרשיידענע מחברים, סײַ בײַ די אומות העולם, איז ניט נאָר אַן עסטעטישער, שפּראַכיקער און סטיליסטישער. ער איז אויך אַן אינהאַלט־לעכער. דאָס איז באַזונדערש קענטיק אין דער דערציילערישער קונסט, ד״ה אין דער נאַראַטיווער פּראָזע, ווו דער פּראָצעס פון באַניצן און געניסן איז באַשײַמפּערלעך אין פאַרגלײַך מיט דער פאָלקס־פּאָעזיע.

די 276 איינסן וואָס דער אָפּקלײַבער און מחבר משה ק אָ פּ ש ט י י ן האָט אַרײַנ־

גע止נומען אין זײַן אוצר טראָגן אַ גאַנץ אַנדערן און באַזונדערן כאַראַקטער. דאָס זײַנען ניט קיין באַאַרבעטונגען וואָס באַניצן דעם פֿאָלקלאָר און געניסן פֿון אים, נאָר טאַקע אָריגינעלע פֿאָלקס־מאַטעריאַלן וואָס ווערן איבערגעגעבן אָן מהותדיקע ענדערונגען און אָן פּסיכאָלאָגיזירנדיקע צוגאָבן. דער חידוש איז — זייער ספּעציפֿיש פֿאָלקסטימלעכער פּאָעטישער לבוש.

די אַלגעמיינע פֿאָלקלאָרסיטיק, ד״ה דאָס פֿאָלקלאָר־שטודיום פֿון פֿאַרשיידענע קול־טורן און פֿאָלקס־ליטעראַטורן אין פֿאַרשיידענע וועלט־ראַיאָנען, האָט שוין מיט אַ סך יאָרן צוריק באַשטימט, אַז יעדער אויספֿירער, אויפֿטרעטער און פֿאָרשטעלער וואָס פֿירט אויס, טרעט אויף און שטעלט פֿאָר פֿאַר „זײַנע" פֿאָלקלאָר־מאַטעריאַלן פֿאַר אַ געוויסן פּובליקום, ענדערט דאָ און דאָרט די אים איבערגעגעבענע און איבערגענומענע פֿאָלקס־שאַפֿונגען. ער חזרט ניט איבער בוכשטעבלעך דאָס וואָס ער האָט איבערגענומען און געהערט; ער אימפּראָוויזירט, שאַפֿט אויף ס׳נײַ, הגם ער איז געטרײַ דעם אינהאַלט און פֿאַרבלײַבט אין די ראַמען פֿון דעם פֿאָלקס־זשאַנער. דער אויפֿפֿיר־פֿורעם פֿונעם אויפֿטרעטער שטימט מיטן פֿאָלקלאָריסטישן כּלל פֿון רעפּראָדוקציע וואָס איז לויט דער פֿאָלקס־שאַפֿונג־טעאָריע גאָר אַנדערש פֿון אימיטאַציע

די פֿאָלקלאָריסטן, עטנאָלאָגן און אַנטראָפּאָלאָגן, וואָס האָבן אָבסערווירט און גע־פֿאָרשט די קינסטלערישע שאַפֿונגס־פּראָצעסן אין פֿאַרשיידענע ראַיאָנען, אין טערען, דירעקט פֿונעם פֿאָלקסמויל (אויך אין ישׂראל, זאַמלענדיק פֿאָלקלאָר פֿון פֿאַרשיידענע ייִדישע און ניט־ייִדישע עטנישע גרופּעס), האָבן אויסגעפֿינען, אַז דער כּלל פֿון רעפּראָ־דוקציע און פֿון אַן אייגנאַרטיקן צונויפֿגאָס פֿון טראַדיציע און אימפּראָוויזאַציע איז באַזונדערש ריכטיק און שטאַרק אויפֿן געביט פֿון דער נאַראַטיווער שאַפֿונג: אין פֿאָלקס־דערציילונגען, אגדות, מסורות, מעשׂהלעך, משלים, וויצן אאַז״וו, בתּנאַי אַז זיי לעבן אין פֿאָלק און ווערן איבערגעגעבן בעל־פּה, פֿון דור צו דור, דורך פֿאָלקס־„טראַדענטן".

דער אויספֿירער — דער דערציילער, דער מגיד, דער דרשן, דער בדחן ווי אויך יעדער אַנדערער טראַדענט — איז ניט געבונדן צו דעם איבערגעליפֿערטן טעקסט און איז ניט מחויב אים איבערצוחזרן אויטאָמאַטיש און בליגד. דאָס אונטערשיידט אים פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן אַקטיאָר אָדער רעציטאַטאָר וואָס מוז פֿאַרבלײַבן געטרײַ דעם דראַמאַ־טישן, פּאָעטישן אָדער דערציילערישן טעקסט, וועלכן ער פֿירט אויף ווי דעם מחבּרס אויטאָריזירטער טעקסט אויף וועלכן ער איז אָנגעוויזן. אין דעם מאָמענט וואָס דעם אַרטיסטס, דעם אויספֿירערס טעקסט ווייכט אָפּ פֿון דעם מחבּרס אויטאָריזירטן גע־שריבענעם אָדער געדרוקטן אָריגינאַל, איז ער פֿאַלש און מע קען דעם אויספֿירער באַשולדיקן אין פֿעלשן און אין עובֿר זײַן אויפֿן מחבּרס אָדער זײַן שליחס דרוקרעכט („קאָפּירײַט"). ניט אַזוי דער פֿאָלקס־אַרטיסט. ער פֿירט אויס שאַפֿונגען וואָס האָבן ניט קיין „קאָפּירײַט" און כאָטש ער איז יאָ געבונדן צו דעם אינהאַלט פֿון זײַן דערציי־לונג און צו איר סיפּור־המעשׂה (צו דער נשמה), האָט ער דאָס רעכט צו ענדערן דעם סטיל, די פֿאָרמולירונג, די ווערטער (דעם גוף).

אַזוי ווי יעדע אויפֿפֿירונג פֿון אַ פֿאָלקלאָר־איינס דורך אַ פֿאָלקס־אַרטיסט האָט אין זיך ספּעציפֿישע, נײַע עלעמענטן, איז זי אויך אַ לעגיטימער נײַער נוסח (וואַריאַנט) פֿון דעם דאָזיקן איינס, איינער פֿון די סימנים פֿון אַ ווערק וואָס לעבט אין פֿאָלק. זײַן

ברייטע פאַרשפּרייטונג, די גרויסע צאָל פון זײַנע וואַריאַנטן. וואָזשע איז אונדז די נפקא-מינה, צי אַ געוויסער וואַריאַנט שטאַמט פון אַן אויספּירער, אַ פֿאָלקס־קינסטלער, טראַדיציאָנעלע און אימפּראָוויזירטע עלעמענטן זײַנען פֿאַרשיידן און גייען זיך פֿונאַנדער אין יעדן איינציקן וואַריאַנט, און פֿאַר אַ מאָדערנעם פֿאָלקלאָריסט איז זייער שווער צו באַשטימען די קוואַליטעט פון אַ וואַריאַנט. עס איז מיגלעך אַ פּאָעטיש שוואַכער וואַריאַנט איז דווקא איכותדיק גאָר שטאַרק, אויב מיר אַנאַליזירן אים פון אַ קולטור־קאָנטעקסט קוק-ווינקל.

אַרויסגייענדיק פון דעם פֿאָלקלאָריסטישן קוק־ווינקל, איז משה קאָפּשטיינס אוצר אַ וואָגיקע זאַמלונג פון ייִדישער, דערציילערישער פֿאָלקס-פּראָזע, איבערגעגעבן אויף גאָר אַן אָריגינעלן אופן: בכתב און אין אַ פּאָעטישן מלבוש. די לינגוויסטן, דיאַלעקטאָלאָגן און פּראַזעאָלאָגן וועלן זיך מן הסתּם באַשעפטיקן אין דער צוקונפט מיט די סטיליסטישע און סטרוקטורעלע עלעמענטן פון קאָפּשטיינס רײַכער פֿאָלקס-שפּראַך, מיט די דיאַלעקטישע יסודות (על־פּי־רוב בעסאַראַבישע, דרום־ייִדישע) פון די צענדליקער פּראַזעס און ווערטלעך. פֿאַר אַ פֿאָלקלאָריסט און קולטור-פֿאָרשער שטעלט דער אוצר מיט זיך פֿאָר אַ נײַע זאַמלונג פון טעקסטן וואָס אינהאַלטלעך זײַנען זיי וואַריאַנטן (על־פּי־רוב — גאָר אינטערעסאַנטע) פון באַקאַנטע (על־פּי־רוב — רעאַליסטישע) דער־ציילונגען: הומאָר־מעשׂהלעך, וויצן אאַז״וו. אין דער הינזיכט וועט דער אוצר פֿאַרנעמען אַ בכּבודיקן פּלאַץ אויף דער ביכער-פּאָליצע פון זאַמלונגען וואָס זײַנען כּולל ייִדישע דערציילערישע טעקסטן; ער וועט דאָרטן שטיין ווי אַ אָקערשטיקער, פֿרישער צוגאָב צו די עלטערע, גוט באַקאַנטע און אָריגינעלע זאַמלונגען פון עמנואל אָלשוואַנגער, נפתּלי גראָס, מ. א. וויזען, י. ל. כּהן, מרדכי ליפּסאָן, ש. מיללער, י. ח. ראַווניצקי, און ייבדל לחיים אַרוכּים דב סדן, וואָס איז אונדזער אַלעמענס מורנו ורבנו אין חכמת־ייִדיש בכלל און אין ייִדישער פֿאָלקלאָריסטיק בפרט.

די אינטערעסאַנטע קלאַסיפֿיצירונג פון די 276 איינסן אינעם אוצר זאָגט עדות אַז דער אָפּקלײַבער האָט אַ גוטן וויסנשאַפֿטלעכן, אפשר אינטואיטיוון, חוש. די 27 „אָפּ־טיילונגען" וואָס פיגורירן אויפֿן אינהאַלט-צײַטל, זײַנען סײַ טעמאַטיש (חסידישער פֿאָלק־לאָר — די רײַכסטע אָפּטיילונג וואָס פֿאַרמאָגט 21 איינסן, דאָס גלעזעלע משקה א״א), סײַ עטנאָ-געאָגראַפֿיש (קעשענעווער כראָניק, לענינגראַדער שאַרזש א״אַ), און סײַ זשאַ־נעריש (שטייגער-מעשׂהלעך, פֿאָלקס-משלים א״אַ), און אַזאַ פּלוראַליסטישע קלאַסיפֿי־צירונג איז אַצינד אָנגענומען אין דער עטנאָ־פּאָעטיק. האָבן מיר טאַקע צו הערן בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט, אפשר אין אַ באַזונדערער, פּובליקאַציע, מער פּרטים וועגן דעם מחברס געהערטע אָדער געלייענטע מקורים, וועגן דעם קולטור־קאָנטעקסט פון יעדן באַזונדערן איינס. די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציע איז גאָר וויכטיק פֿאַר דער פֿאַרגלײַכיקער עטנאָ-פּאָעטישער פֿאָרשונג פון דעם פֿאָלקס-שאַפֿן אין ייִדיש, ווײַל יעדער נײַער ד אָ ק ו ־ מ ע נ ט י ר ט ע ר וואַריאַנט איז מסביר די געפֿאָרשטע דערציילונג, איר קולטור־קאָנ־טעקסט און איר פּסיכאָלאָגישע, געזעלשאַפֿטלעכע, נאַציאָנאַלע אָדער אַנדערע בשׂורה („מעסעדזש"). דער קאָנטעקסט און די בשׂורה זײַנען באַזונדערש וויכטיק פֿאַר ייִדישע קולטור-היסטאָריקער און פֿאַר פֿאָרשערס פון ייִדיש, פון דעם לעבנס-שטייגער אין דעם מיזרח-אײראָפּעיִשן ייִדישן שטעטל און פון ייִדישער עטנאָ-פּסיכאָלאָגיע.

עפּעס וועגן דער אויבן דערמאָנטער פּראָבלעמאַטיק לייענען מיר אין דעם מחברס קורצן אַרײַנפיר צו זײַן זאַמלונג. עס רעדט זיך וועגן פֿאָלקלאָר ווי תּורה שבעל־פּה, ווי אויך וועגן פּושקינס פּאָעטישער סטיליזירונג פֿון פּשוטער רוסישער פּראָזע, וואָס דווקא אירע פּאָעטישע וואַריאַנטן אין אַ לײַכטער שפּראַך און אַ לײַכטן סטיל זײַנען געוואָרן מוסטערן און מאָדעלן פֿונעם רוסישן פֿאָלקלאָר. אָבער צו ווייניק הערן מיר פֿונעם מחבר וועגן די מאָסן וואָס האָבן דערציילט און איבערדערציילט, געהערט אוןווידערגעהערט די מעשׂהלעך, ווערטלעך און וויצן, ווי אַזוי און ווו פֿלעגט מען זיי דערציילן, בײַ וואָס פֿאַראַ געלעגנהייטן אאַז״וו.

כּדי צו אילוסטרירן די וויכטיקייט פֿון משה קאַפּשטיינס איצטיקער זאַמלונג האָבן מיר אויפֿגעמישט אַ זײַטל וואָס טראָגט דעם פֿאָרמוליסטישן ייִדישן נומער 77 (פּג״ל בראשית ד׳ 24, עזרא ח׳ 35 און נאָך) און זיך אָנגעשטויסן דאָרטן אויף אַ מעשׂהלע מיטן קעפּל „אַ בריוועלע — ווי מע לייענט עס״ (18 שורות ריטמישע און געגראַמטע). מיר האָבן באַשלאָסן דאָס מעשׂהלע צו אַנאַליזירן ווי אַ פּרט וואָס קען אונדז באַלערנען און עדות זאָגן אויפֿן גאַנצן כּלל.

דאָס מעשׂהלע (געהערט אין דעם אוצר צו דער אָפּטיילונג „עמך־פּראָלעטאַריער״ וואָס פֿאַרמאָגט נײַן איינסן) איז באַקאַנט און פֿאַרשפּרייט אין ייִדישן פֿאָלקלאָר. אין אונדזער וואַריאַנט ווערט אַ טאַטע געבעטן דורך זײַן זון, אין אַ בריוו, צו שיקן אים געלט. דער טאַטע, וואָס איז מסתּמא שוואַך אין די דריבניטשקע אותיות (כאָטש ער איז גאָר אַ „תּקיף״), בעט אַבֿראַשען אים דעם בריוו פּירצולייענען, אָבער אויך דער אַבֿראַשע „בראָקט די ווערטער ווי דעמבענע שפּענער״. דער טאָן פֿונעם פּירלייענען ברענגט דעם טאַטן צום אויספֿיר: „ער שרײַבט ווי אַ שקאָץ״ און צום באַשלוס: „ניין, ברודער, אַ מכּה!״... אָבער, „אויפֿדערנאַכט״, ווען „בײַ דער טיי לייענט די שטילינקע ריוועלע זיס־לעך־פֿאַמעלעך, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט״, ענדערט זיך דעם טאַטעס מסקנא און זײַן אונטערשטע שורה (אויך פֿונעם מעשׂהלע!) איז: „אָ־דאָס איז דיבורים! כ׳האָב ליב אַז מ׳רעדט ווי אַ מענטש צו דער זאַך״. דער באַשלוס איז פֿאַרשטענדלעך פֿון זיך אַליין, כאָטש ער איז ניט פֿאַראַנען אין אונדזער טעקסט: דער טאַטע וועט שיקן זײַן „בענאָק״ דעם געפֿאָדערטן „פֿויגל״ און די פֿאַרלאַנגטע „ממתּקים״.

דער סיפּור־המעשׂה איז, ווי אויבן דערמאַנט, גוט באַקאַנט, און ניט נאָר בײַ ייִדן. ייִדישע וואַריאַנטן זײַנען באַוווּסט ניט נאָר פֿון דער בעל־פּה־איבערליפֿערונג, נאָר אויך פֿון געדרוקטע מקורים און אַפֿילו פֿון איבערזעצונגען. אַזוי צ״ב עקסיסטירן וואַריאַנטן פֿון אונדזער מעשׂהלע אויך אין דײַטש (מ. שניצער, רבי לאַך: אײַן קולטורדאָקומענט אין אַנעקדאָטען, האַמבורג 1922, ז׳ 148: „באַס אונד טענאָר״, אין ענגליש (נתן אָזובעל, אַן אוצר פֿון ייִדישן פֿאָלקלאָר, ניו־יאָרק 1948, ז׳ 421: „דער טאָן איז דער עיקר״) און אין העברעיִש (אַלתּר דרויאַנוב, ספר הבדיחה והחידוד, תּל־אָבֿיבֿ 1955, צווייטער באַנד, נר. 1691. זע דאָרטן, ז׳ 453, די אינטערעסאַנטע הערה). וועגן אַנדערע ייִדישע און אוניווערסאַלע, וואַריאַנטן זע חיים שוואַרצבוימס הערה (אין זײַן ענגליש בוך סטאַדיס, בערלין 1968, ז׳ 235) צו נר. 274 (ז׳ 251) בײַ נפֿתּלי גראָס, מעשׂהלעך און משלים, ניו־יאָרק 1955: „ס׳איז געווענדט ווי אַזוי מע זאָגט אַ זאַך״.

דער ווײַטערדיקער וואַריאַנטן־פֿאַרגלײַך באַווײַזט אַז קאַפּשטיינס נוסח איז אָריגי־

נעל און וויכטיק. אין אונדזער פֿאַרגלײַך וועלן מיר זיך באַנוגענען מיטן באַטראַכטן פֿון דעם פּערסאָנאַזש־עלעמענט:

די דרײַ פּערזאָנען וואָס מיר זעען זיי אויף דער בינע פֿון דעם סיפּור־המעשׂה אין אונדזער וואַריאַנט זײַנען (דעם זון זעען מיר ניט; וויזועל רעפּרעזענטירט אים נאָר זײַן בריוו): דער טאַטע דער תּקיף; אַבראַשע דער „קענער" (אין גענזנפּיסלעך) וואָס איז אַ „בלאָטער" און „אונטערן פּלעשל", דאָס אייניקל, אַ מיידעלע וואָס איר זיס און פֿאַמעלעך פּירלייענען ענדערט דעם טאַטעס תּחילתדיקן באַשלוס.

איז אין דעם מעשׂהלע דאָ אַ אָנצוהערעניש אַז דווקא דער רײַכער תּקיף איז אַן אַנאַלפֿאַבעט? איז דערינען דאָ עפּעס אַ סאָציאַלער פּראָטעסט? איז דער נאָמען אַבראַשע (ניט אברם אָדער אבֿרהם) פֿאַרבינדן מיטן פֿאַקט אַז ער איז אַ גראָבער יונג, אַן עם־הארץ? איז דאָ אַ באַטײַט אינעם פֿאַקט וואָס די סאַמע סימפּאַטישע צווישן די האַנדל־דיקע פּערזאָנען איז דווקא אַ מיידעלע וואָס האָט אַ ייִדישן פֿאָלקס־נאָמען ריוועלע און וואָס נאָר זי איז באַהאַוונט אין לייענען און פּירלייענען?

די אויבן דערמאַנטע שאלות זײַנען נוגע נאָר דעם פּערסאָנאַזש פֿונעם מעשׂהלע. אַנדערע אַספּעקטן זײַנען פֿאַרקניפּט מיט נײַע פּראָבלעמען און געהעריקע פֿאָרשונגס־וועגן און אַרבעט־מעטאָדן.

בײַ דרויאַנאָוון איז דער טאַטע אַן אַרענדאַר און דעם זונס אַ ישיבֿה־בחורס, בריוו איז געווענדט צו ביידע עלטערן. דער שטרענגער לייענער איז אַן אַלטער שוחט; דער מילדער און געלאַסענער — אַ חזן. די מאַמע, די אַרענדאַרקע, איז מצליח איבער־צורעדן איר מאַן צו גיין צום חזן, „ווײַל ווער קען גלייבן דעם אַלטן רוצח?" די תּחילתדיקע רעאַקציע פֿונעם אַרענדאַר איז: „דער חצוף איז גוזר אַ גזירה אויף מיר?!", אָבער נאָכן חזנס פּירלייענען הערט ער ווי „דער זון בעט זיך בײַ אים...".

איז אויך אין דעם וואַריאַנט פֿאַראַנען אַ פּראָטעסט־אויסדרוק, דאָסמאָל קעגן די כּלי־קודש — דעם שוחט־רוצח? אפֿשר איז גאָר דער חזן דרויאַנאָווס אַן אײַנפֿאַל, אַ העב־רעיִשער וואָרטשפּיל: דעם שוחטס נ ע י מ ה — אַ ברום, אַ בריל, כּנגד דעם חזנס נ ע י מ ה — אַ מעלאָדיע (אָנגענעם און לאַגאָדנע)? אין ייִדישן פֿאָלקלאָר זײַנען בדרך כּלל חזנים—נאַראָנים. אָבער בײַ דרויאַנאָוון קען אַ געלונגענער וואָרטשפּיל־המצאה בטל מאַכן אַ כּלל... האָט די פּרויען־ראָלע אינעם וואַריאַנט אַ באַזונדערן באַטײַט? זײַנען דווקא די פּרויען קעגן שחיטה־רציחה? סימבאָליזירט דער חזן דאָס געזאַנג און די פּאָעזיע וואָס מאַכן דעם בייזן מענטש מילדער און פֿײַנערן אים אויס?

אָ ז ו ב ע ל ס וואַריאַנט נעמט זיך מן הסתם פֿון תּשרקס (ישׂראל זעווינס אַלע משלים פֿון דובנער מגיד, ניו־יאָרק 1925), ערשטער טייל, נר. 89, ז' 189. דערינען איז דער טאַטע אַ ייִד אַ נגיד און די צוויי פּירלייענערינס זײַנען: זײַן סעקרעטאַרשע (די ערשטע) און זײַן ווײַב (די צווייטע). די סיבה וואָס דער נגיד לייענט ניט אַליין דעם זונס בריוו איז וואָס ער איז זייער באַשעפֿטיקט און האָט ניט קיין צײַט.

איז דאָס אַ פּראָ־נגידישער וואַריאַנט? איז ניכלל אין אים אַן אָנצוהערעניש אַז אַ ווײַב איז בעסער און קאָנסטרוקטיווער אין משפּחה־ענינים פֿון אַ סעקרעטאַרשע? איז דאָס אַ משפּחה־מעשׂהלע מיט אַ משפּחה־בשׂורה?

מע קען מוסיף זײַן נאָך אַנאַליזן פֿון נאָך וואַריאַנטן, אָבער אויך די דרײַ וואַריאַנטן אויף וועלכע מיר האָבן זיך פֿאַררופֿן, זײַנען גענוג כּדי אַרויסצוברענגען זייער רײַכקייט און פֿאַרשיידנקייט, ווי אויך די אָריגינעלקייט פֿון אונדזער קאָפּשטיין־וואַריאַנט. און די פּערסאָנאַזש־פּראָבלעמאַטיק איז דאָך נאָר איינער פֿון די פֿאַרשונגס־אַספּעקטן. צווישן די אַנדערע זײַנען פֿאַראַנען: די פֿאַרשיידענע קאָנפֿראָנטאַציעס אין וועלכע עס באַטייליקן זיך אַנטקעגנדיקע סאָציאַלע קלאַסן, געשלעכטער, לעבנסצײַטן א״אַ, דאָס חוזק־מאַכן פֿונעם פּאַטריאַרכאַלן טיפּ (דער טאַטע), די הומאָר־עלעמענטן וואָס קומען פֿון דעם גענאַר־מאָטיוו — אַ כאַראַקטעריסטישער טייל פֿון דעם צווייטן פּירלייענערס אויפֿפֿיר.

עס איז מיגלעך, אַז דאָס חשיבֿות פֿון די שפּראַכיקע און סטיליסטישע עלעמענטן שטײַגט איבער אין דעם פֿון אונדז אַנאַליזירטן וואַריאַנט די וויכטיקייט פֿון זײַנע אינהאַלטלעכע יסודות. אונדזער קורצער טעקסט פֿאַרמאָגט חשובֿע דיאַלעקטישע מאַטעריאַלן — אַ היפּש ביסל ווערטער, פּראַזעס און טײַטשן, וואָס זײַנען ניט בנימצא אין אוריאל ווײַנרײַכס ווערטערבוך, ניו־יאָרק 1968, און אין אַנדערע קאַזיאַנע ייִדיש־ווערטערביכער: בענאָק, (ביטולדיק: יונגאַטש. פֿון העברעיִש: בן—זון), בלאַטער (פּראָסטאַק, אונטערוועלטניק), „אונטערן פֿלעשל״ (שיכּור), געלאַטכענט (געלקחענט, געגנבֿעט), „פֿויגל״ (פּאַפּיר־באַנקנאָט), „ממתּקים״ (געלט־מטבעות), געטירעט, סטעכעווען, בימבערלעך (קינדערלעך), בעזדיוזשניק (אַן אַכזר, אָן אַ נשמה). די אַלע ווערטער וואָלטן באַדאַרפֿט אַרײַנגענומען ווערן אין אַ לאָקאַל דיאַלעקט־ווערטערבוך, ווײַל זיי זײַנען ניט קיין טייל פֿון דער ייִדיש כּלל־שפּראַך. און צו די ציטירטע ווערטער קען מען צושטעלן פּראַזעס און אויסדרוקן פֿאַראַנען אין אונדזער וואַריאַנט: „שרײַב ווי (זײַ) אַ מענטש, ווערסטו עסן אין סופֿה״, „אַ מכּה (דיר, אים)!״ — אַ קללה, און נאָך.

ווי אויבן דערקלערט, האָבן מיר באַניצט נאָר אַ קליין און צופֿעליק פּרוּוול פֿונעם מאַטעריאַל, און אויך אין דעם פֿאָלקלאָריסטישן אַנאַליז האָבן מיר זיך באַנוגנט מיט אַן איינציקן פֿאָלקלאָר־עלעמענט. אָבער וואָס מיר זײַנען אויסן געווען, איז צו באַווײַזן דעם פּאָטענציאַלן וויסנשאַפֿטלעכן ווערט פֿונעם אוצר. דאָס האָבן מיר באַוויזן, ווײַל ס'איז קלאָר אַז אונדזער פּרוּוול איז ניט קיין אויסנעם.

# א י נ ה אַ ל ט :


אַ קליינע הקדמה
נאָכוואָרט: פּראָפ. דב נוי

**שטייגער־מעשׂהלעך**

זייט

11 „זיך מוחל געווען...
11 „במקום רב"...
12 די אַלטע יאָכע באַגריסט דעם קייסער
12 ס'איז אַ גוטער חלום, נאָר ער איז פינצטער און ביטער...
13 די מומע עטל..
14 קלאַפּן קלאַפּט מען אַנ'אייגענעם יאַט...
15 אַזוי ווי ער הערט ניט, אַזוי זאָל אים ניט שאַטן
15 קוילעט מיר די גענדז...
16 אַפילו די משוגעים האָבן אייגענע שילן...
16 די גאַסטפרײַנדלעכע מומע
17 די כוהנים...
17 עס וועט ניט שאַטן, רעב קרוב, מיר זאָלן ניט וויסן פון אייך
18 אַ בילעט קיין מצרים...
18 אַ גוט שבת אייך, מיט אַ צעבראָכענעם פיסל...
19 די רביצין פּסקנט שאלות...
19 מיט פעפער וועלן מיר זיך געבן אַנ'עצה...
20 „פישי אים וו'סיעם דאַלפאַן"
21 אויף דעם שכל זײַנען זיי גאָרניט געפאַלן...
21 אַרטיקע סטילן
22 אַ פאַרשטערטע שמחה...

**חסידישער פאָלקלאָר**

23 דער זיידע — דער בעל־שם...
24 די „הינטישע רענדלעך" און די פאַרהאָרוועטע גראַשנס
28 „קאָזאַקן"...
29 די פּרעלודע פון ר' שײַעלע דונאָוויצער...
30 צו זיין ביי ליטוואַקעס אַ רב...
31 דער בערדיטשעווער רב
31 בערע דער וואַסערפירער
32 נר ה' נשמת אָדם
32 די מענטשלעכע פליגל...
33 ס'ווערט גאָרניט פאַרפאַלן...
34 מ'זעט אַז ס'איז שבת
35 יאָסעלע גולם

זייט
35 פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס...
36 אַלעקסע איז אַ גילגול פון יאָסעלע גולם...
37 אַ לידעלע — ווי מ'זינגט...
37 דאָס שטעטעלע נעוועל
38 עס קומט ניט אויס דער חשבון
38 שומר נפשות חסידיו מיד רשעים יצילם
39 כ'האָב באַדאַרפט ברעכן די טיר
39 שנייד מיט „דין" און שמיר נאָר מיט „חסד"...
40 זאָל מיקאָלקע זען...

מתנגדישער פאָלקלאָר

41 זאָל זיין ויהי נועם מיט עסיק...
42 „אַלץ פאַר געלט"
42 וואַרט ניט ביז דער רבי וועט אַ געזונטן שטעלן באַנקעס...
44 חצי רב — חצי רבי...
44 פיר אַרויס די ציג...
45 וואָס גלייכט איר. רבי?
45 אַז דער רבי זאָל לעבן זיצט אויף דער קעלניע...
46 דער רבי איז אַ גאַנצער ווינטער
46 אות או מופת...
47 דעם שמש אַ צענער — איַי, גדליה, גדליה!...

קעשענעווער כראָניק

48 פון היץ און פון קעלט...
48 בגדי מלכות
49 דער רבי מיט זיבן יאַרמעלקעס...
49 „אַ דראַנג" איז אויך אַ מדרגה...
50 ר' משהלע דיין
51 אַזאַ יאָר אויף זיין טאַטן
51 די אלול-יידן
52 גיי און זאָג אַ אַריוּוער שלום-עליכם...
52 שלמה בערליאַנד — דאָס ענגלישע פערד...
53 יושר איז יושר און געשעפט איז געשעפט...

וועליזשער מעשׂהלעך

54 קוים וואָס זי לעבט, נאָר גיב איר דעם גרעסערן...
54 ניט ביי מאָטיען...
55 דער מקח טעות...
55 במקום שוסטער

זייט

**וויכוחים, דיספוטן, טײַטשן**

56 דער וויכוח
58 די שאלה...
58 „זאָגט אויך"...
59 אַ מעשׂה שהיה...
60 דער גלח שטעלט פֿראַגן...

**חזנישע מעשׂהלעך**
61 דער חזן
62 ניסי בעלזער
63 לעבן וועט ער לעבן, נאָר זינגען — אַ מכּה!
63 אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט
64 דאָס ווילנער באַלעבעסל
65 משיחס צייטן...
65 אַ גוט שבת אײַך, חזן, און נאָט אײַך דעם שליסל...
65 ווען דאַנקט אַ דראַנג...
66 צום קול — ממון...
66 חזנים זײַנען נאַראָנים...

**די קלוגע דאָקטוירים**
67 אויף אַ בעסערן אָרט...
68 ער האָט געשוויצט פֿאַרן טויט...
68 די רפֿואה נאָך דער קעשענע...
69 יהודה ליב גאָרדאָן וועגן די קלוגע דאָקטוירים
69 אויב אַזוי, איז דאָך גלײַכער...

**מלמדים, דער חדר, ישיבה־בחורים**
70 בטחון
70 אַ קוש דעם קאַנטשיק
70 אַ מלמד טאָר ניט עסן קיין סמעטענע...
71 כ'האָב אינדיקעס געהאַנדלט און קיין איינער איז ניטאָ...
72 דעם רבינס אַלף־בית; די קעלבערנע מגידים
73 אַלע צעשטאָרבן...
73 אַ קניפּ אין בעקל און פּטור פֿון „רבי־געלט"...
74 „לא" מיט אַ נאַלעף און „לו" מיט אַ פֿלאָקן...
74 קיין נאַר איז ער אויך ניט
74 אַ נעמער איז ניט קיין גיבער...
75 ער פּאַסט ניט צום גדליה איבער דריי טעמים
75 ביטערע יידן
76 גם אתם — פֿריער בײַ אײַך...
76 לא המדרש עיקר...
76 האַלט דעם פּיסק, ישיבה־קלאָץ...

זייט

עמך-פראָלעטאַריער

77 צו מיין שיינעם געזונט...
77 אַ בריוועלע — ווי מע לייענט...
78 פּישקע ווערט אַ „פּערעוואָדטשיק"...
79 שניידעריי באַשטייט פון דריי טיילן...
80 ביז דער רבינו תם וועט זיך אויסקראַצן קומען...
80 יום־כיפּור וועט ער מער שוין קיין הערינג ניט עסן...
80 דאָס פערדל האָט אָפּגעטאָן אויף טערקיש...
81 אַ דיכטער אַ קאָוואַל דאַרף די מוזע ניט האָבן...
81 דאָס באַלעבייסל...

האַנדל־וואַנדל, וואָיאַזשאָרן

82 אַ שמועס אין וואַגאָן
83 האָסט אַ טעות, יאַנקל...
84 הער מיך אויס, גוטער ברודער...
84 מ'קען אַזוי טאָן אויך...

שלום־בית, שדכנים, נחת

85 „אויך אַ מכה"...
85 די צוואה
86 דער שווער
86 די שוויגער...
87 זי איז קראַנק אויף אַ ראַק...
87 ער העלפּט איר קרעכצן...
88 צוויי טעלעגראַמעס...
88 דער חילוק פון שאול המלך ביז אים...
89 פאַר דער חופּה...
90 אויך דו, ברוט?!
90 מיך קאָסט ער געלט, און דער עולם שעפּט נחת...
91 געקושט דעם פּאַראָוואָז...
91 אייך אַ גוט שבת, אייך, מומע — ניט...
92 דער שידוך ברענט, נאָר מיר ווילן דאָך עסן...
92 ער דאַרף מאַכן שטאַרקער...
93 ער האַלט וואָרט...
93 דער אל תירא אַליין האָט קיין ווייב ניט געהאַט...
94 מר ממות
95 אָדער — אָדער...

רבנים און רביצינס

96 דער „דין תורה"...
97 אַז דער רבי האָט געגעסן איז כשר!...

זייט

98 דער „חכם בלילה" — דער דראזשנער רב...
99 האָזן כאַפּט מען ניט מיט רבנים...
99 מעשׂה אָבות סימן לבנים...
100 די רעדעוודיקע רביצין

MADE IN U.S.A.

100 וואָס גרעסער די שטאָט, אַלץ קלענער דאָס רב׳ל...
100 די רירעוודיקע רביצין...
101 דער אייגענער חמץ
101 משה קאַפּל דער רב, דער חכם פון רימינעקע...
102 "STOP" תהילים"...
102 די פּאָליטישע דעבאַטן אַרום אָדם הראשון
103 די פּאָליטישע דעבאַטן אַרום אָדם הראשון...
104 אָט אַצינד גייט גיטעלע צו קינד...
104 אַמעריטשקע־סטיל...

גדולי ישׂראל

105 רבינו שלמה יצחקי (רש״י)
106 דער ווילנער גאון
107 טאָמער פּאַרקערט...
108 ר׳ יצחק אלחנן
109 קראַצן־קראַץ זיך, נאָר ניט מיך...
110 נפתלי ראָפּשיצער
111 דער דובנער מגיד
114 מאיר לייבוש מלבים
115 זיי געוואָרנט אין „אָמן"...
115 ר׳ חיימל דער מחמיר...
116 דער נאָוואָראָדקער פּרוש
117 קענען לערנען איז ווייניק, מ׳דאַרף האָבן נאָך שׂכל
117 אחד העם
118 דער עזות־פּנים — ער וואַרט ניט...
118 הרב יהודה לייב צירלסאָן

סאָלדאַטסקע מעשׂהלעך

119 אַ פּײַנקוכן פון טשוועקעס...
120 מ׳דאַרף ק־ק־ענען ריידן...
122 אַן הזכרה נאָכן טאָטן...
124 מי לנו גדול...

זייט
124 מאַטע האָט צוויי מאָל געשפּרונגען...
125 „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא, עטאָ סלוטשיינאָ"...
125 יאַשע קאַוואַלעריסט
126 ווי דער מאַמען — אין דער ר'עכטער זייט

שמשים, חברה קדישא, אורחים, מחברים
127 די דריי שטעט...
128 דער שמש פון קלייזל
129 אַז דער אייבערשטער וויל שטראָפן...
129 די זמירות די קאַלטע וועלן קעלטער ניט ווערן...
130 אַ שטיק ערד וואָס אויף אייביק...
130 זיי קענען אויסטרינקען אַ ים...
131 ביז זיי וועלן ניט זאָגן — אַ רוח ג'זיי אַריין!
131 אַן איידעמל אויף קעסט...
132 צוויי מאָל אַ מת וויל קיינער ניט זיין...
132 דער כלבוניק...
133 ווער איז מחויב...
134 איז וואָס-זשע טוט גאָט — גנבע איך די קוואָרט...
134 פון דער חברה-בצדק...
135 „יפתח בדורו כשמואל בדורו"
135 די צוואה פון שמשון הגיבור...
136 גרויסע נסים פאַר מענטשעלעך קליינע...
137 דער „בעל-מחבר"...

היסטאָרישע נאָטיצן
138 ווער עס פּירט אָן מיט דער וועלט...
138 ס'האָט זיך גאָרניט געביטן...
138 צער בעלי חיים...
139 אין כעלם און אין נאָווגאָראָד
140 השמח בחלקו
140 די רוסישע היטלען
141 אַז זיי זינגען וועלן זיי צאָלן ווי אַ טאַטע
141 ווי דאַרף אויסזען אַנ'אמתער אַריער...
142 אַז ער איז קאָנסטאַנטין, איז זי קאָנסטיטוציע...
143 „צייט איז געלט"
144 ער טוט ווי אַ חכם...
144 געטראָפן אין פּינטעלע...
145 „אַ לערער איז אַ טאַטע לויטן יידישן דין"...

זייט

## פאָלקס משלים


146 דער מחותן...
147 זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט...
148 דעמיאַן ביעדני און דאָס אייזל
149 און שאַריק הערט און פרעסט...
149 אַ קלאָג צו דיר, לייב!
150 הינטישע שטיק...
150 אַ טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן...
151 אַ גביר און — אַ חזיר...
151 „דער שדים טאַנץ"...
152 גיי און שמועס מיט אַ הונט פון משיח...
152 מוזט ברענגען „אַ ספּראַוקע" אַז דו ביסט ניט קיין קעמל...
153 דאָס גלעקל הענגט אויפעט אַליין...
153 דאָס פליען ווי דאָס פליען, דאָס זעצן זיך איז אַנ'אומגליק
154 צו דעם פוקס מיט אַ שאלה אויף קעז...
155 די היינטיקע קעצעלעך...
155 אַנ'אמתע חתונה איז אַ חתונה מיט קלעפּ...


## אחינו בני ישראל


156 „למה יאמרו"-יידן
157 און וואו שטייט געשריבן, אַז אַ רב מוז זיין אַ ייד?...
157 די ליטוואַקעס
158 אַ כינעזער זאָגט אויך אַ גוט וואָרט...
158 שטיקעלעך יידן...
159 אי געיידישט, אי געטובלט...


## סאַנקט פּעטערבורג, לענינגראַדער שאַרזש


160 אוי איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געוועזן!
162 דער געשמיסענער חתן...
163 רובינשטיין, גיט אַנ'עצה
164 פּעטערבורגער משומדים
164 כ'האָב אים געהאַלטן פאַר אַ לייטישן מענטשן...
165 אַ גבאי אין סאַנקט-פּעטערבורג...
166 אם תעזבני יום, יומים אעזבך
166 כ'האָב געכאַפּט אין די ציין וועט עס גיין
167 ער איז ניט „באַצמאַן" און ניט „לאַצמאַן"...
167 לענינגראַדער חוזקלעך

זייט

אלגעמיינער פאלקלאר


168 די „אייזערנע לאגיק" פונעם פרומען כאליף
168 אני ואפסי עוד...
169 קורץ און שארף
169 רעדט מיט אים אויף זיין לשון...
170 דער לץ
171 א גוטער סימן
171 מנחם מענדל...
172 די חכמה פון שלמה המלך...
173 ווען שמייסט א ציגיינער...
173 נאך ביטערע קלעפ איז גרינגער צו צאלן...
174 אחרון, אחרון חביב
174 אפילו די גנבים האבן דעם יושר פארלארן...
175 ניט גוט און ניט שלעכט...
175 משה, וואס שווייגסטו!
176 די כשרע תפילה
176 א בין מיט שווארצע לאקן
177 מאכט ער פיסקעס, אויקעט, קוואקעט, נאר לייגן זיך—בלא!
177 אויף א פאסט דארף מען זיין פאר דער צייט
178 ביי מיין עולם-גולם איז דאס אויכעט א נס...


ציוניסטישער פאלקלאר


179 „ראדינא-מאט"
179 אזא „גוט-מארגן", אזא „גוט-יאר"...
180 א שטיק לאנד...
180 ס'א בפירושע גמרא...


השכלה-הומאר


181 די טרוקענע דיכטער...
181 שטראם-גראם...
181 מה נשתנה...
182 חיים צבי לערנער פון דובנע


דאס גלעזעלע משקה


183 א נדר...
184 א שיכור בלייבט א שיכור!...
184 דער „אבער טרינקער" יאסל דזשאב
185 נעמט א קאפ בראנפן און דולדט ניט דעם מוח

זייט

מסכת לצים

186 דבר זה כתוב בתורה...
186 ער ווערט פון דער באָמבע ניט נתפעל...
187 אברהם אָבינו...
187 תזל כטל אמרתי...
188 מסכת לצים

חכמי כעלעם, חכמי גלופסק, הערשעלע אָסטראָפּאָלער

189 אָפּגעלייגט די שריפה...
190 די כעלעמער פשרה...
191 א כעלעמער שענקער טוט זיך אַן עצה...
192 פאַראַן יראים וואָס ס'פעלט זיי אַ קלעפּקע
192 זיי בעטן אים אויף ווייטער; ער — בעט אַן הוספה...
193 הערשעלע אָסטראָפּאָלער
194 „אַ ליגן אומגעטראַכט"
194 צורת מטבע...
194 מ'דאַרף קענען פּירוש המלות
195 איך בין אַן עקשן — ביי מיר פּירט מען ניט אויס...
197 טיילווייזע ביבליאָגראַפיע

# MOSHE KOPSTEIN

# THE PEOPLES' TREASURE

***Poetic Folklore***

*Postscript by Prof.* ***DOV NOY***

Drawing by SAMUEL ROZIN